דר. יוסף טענענבוים

# אין פייער

## ערצעהלונגען פונ'ם שלאכטפעלד

פון א דאקטאר אין דער אלטער
עסטרייכיש-אונגארישער ארמיי

צווייטע אויפלאגע

מאקס נ. מייזעל
אידישער פארלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט
ניו יארק

# אינהאַלטס־פאַרצייכנים

# דאָס ציגיינער־פידעלע

### א.

זאַכאַריאַש, דער ציגיינער, איז געווען פּאָפּולער ביים רעגימענט. זיין שם־טוב האָט זיך פאַרשפּרייט פון איין עק דיוויזיע ביז צום אַנדערן. אונזער דיוויזיע, נומער 34, איז דעמאָלט געלעגען אין די קאַרפּאַטען־בערג און אָפּגעהיט די טויערן פון דער אונגאַרישער מדינה. עס איז געווען אַ לאַנגער, נודנער „שטעלונגס־קריג", און ביידע צדדים האָבען זיך פאַרנומען דאָרט איבערצואווינטערן. און אַזוי איז עס געשעהן, אַז אין משך פון אַ פּאָר וואָכען זיינען די אומהיימליכע און אומבאוואוינבארע בערג לעבעדיג געוואָרען. אין די קליינע שטעדט און דערפלאַך האָט אָנגעהויבען צו פּולסירען אַ לעבען פול מיט ראָמאַנטיק און הומאָר, גלייך ווי דער קריג וואָלט געווען אַ מעשה פון טויזענד־און־איין־נאַכט און די גאַנצע זאַך גאָר אַ שפּילכעל. אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז זאַכאַריאַש באמת געווען אַ מין נויטווענדיגקייט און קיינער האָט זיך נים געקענט פאָרשטעלען דעם לעבען אויף די קאַרפּאַטען־בערג, מיט'ן פיינד פאַר'ן נאָז, אָהן דעם ציגיינער ביי דער זייט.

ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל באַגעגענט אין דער רעגימענטס־קרעטשמע, האָב איך פאַר איהם געהאַט אַ געפיהל פון עקעל.

שטעלט אייך פאָר אַ האָרבאַטען קאַרליק, מיט אַ גרויסען קאָפּ, ווי אויסגעהאַקט פון אַ פאַרמלאָזען, ברייט־ביינערדיגען קערפּער, וואָס שאָקעלט זיך אויף אַ פּאָר קורצע, קרומע פיס, — און איהר קענט שוין אליין פאַרשטעהן, אַז קיין אַפּאָלאָ איז ער

ניט געווען. דערצו מוז מען נאָך צוגעבען זיין גרויסען דורשט נאָך בראָנפען. און כאָטש ער האָט געקאָנט אויסטרינקען אַ פאַס, איז ער אָבער אַמאָל נאָך אַ פּאָר קעלישקעלאך שוין געוואָרען „פרעהלאך", און אָנגעהויבען צו צמאָצשקען מיט די גראָבע ליפּען און פינטלען מיט די קליינע, קאַסאָקע אויגעלאך ווי אַ סאָווע. זיין פּנים איז געווען אַ מאַסקען־באָל פון אַלערליי תאוה'ס.

פונדעסטוועגען האָט איהם כמעט יעדער געקאָנט און יעדער איז געווען זיין גוטער ברודער. אויך איך מוז זיך מודה זיין, אַז ער האָט מיך גובר געווען און צום סוף איז ער ביי מיר געוואָרען אַ גאַנצער „קנאַקער".

אין וואָס איז באַשטאַנען זיין מאַכט זיך צו פאַרשאַפען אַזא שם־טוב?

זאַכאַריאַש איז ניט געווען קיין דברן און זיין ציגיינעריש־רומעניש־מאַדיאַריש האָט געקלונגען אַזוי קאָמיש, אַז מען האָט געמוזט לאַכען הערענדיג זיין „לאָקשען־לשון". דערפאַר אָבער האָט ער באַזעסען אַנאַנדער שפּראַך־אָרגאַן, וואָס האָט פאַר איהם גערעדט, אַ מליץ־יושר וואָס האָט געעפענט אַלע הערצער. און דאָס איז געווען זיין פידעלע, אַ קליין אינסטרומענטעל, פון וועלכען ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט וועלען אָפּרייסען.

אָט זיצט זיך זאַכאַריאַש איינגעקאָרטשעט, זופּט פונ'ם פלעשעל און וואָרטשעט נאָך יעדען טרונק בראַנפען אַ לאַנגען, באַסענעם „אַה!"... דאַכט זיך, גאָרניט, אַ גאָרגעל פון אַ שכור! איינער פון טויזענדער! אָבער פּלוצים כאַפּט ער זיך אויף, נעהמט דאָס פידעלע און הויבט אָן אַרויסצו'כשופ'ען פון די דאַרע סטרונעס ווייכע, אומעטיגע טענער פון שטערען וואָס פאַלען אַראָפּ און ווערען פאַרלאָשען, פון אַ האַרציגער בענקעניש, וועגען יונג־פאַרשניטענע חלומות, פון פויגעלאך וואָס קאָנען ניט פליהען, פון פאַרלאָרענע האָפנונגען און דערשטיקטע טרעהרען.

איהר קוקט זיך אום — איהר דערפיהלט טרעהרען אין אייערע אויגען.

דערזעהט עם זאַכאַריאַש, גיט ער אַ שפּרונג, דרעהט אויס דעם סמיטשיק און הויבט אָן צו שפּילען אַ לוסטיגען, אַ לעבעדיגען נגון, נאָך דעם נוסח: „טאַנצט, ברידער, מיסט איז וואָלוועל!"; און איהר ווערט לוסטיג ווי חדר־אינגלאַך, איהר זינגט און איהר טאַנצט.

ווייל אַמאָל זאַכאַריאַש אָפּטאָן אַ שפּיצעל דעם קאָמענדאַנט, אַזוי קריכט ער אַרויס פון זיין נאַרע און הויבט אָן צו שפּילען אין דרויסען אויף דער קוויטשעדיגער סטרונע; אין אַ פּאָר מינוטען שטעהט שוין אַ קופּע סאָלדאַטען אַרום דעם ציגיינער און — ווער מיר דיענסט, וואָס מיר פעלד־וואַך — האַפּקעט, ברידער, אַ פּייערדיגען „צשאַרדאַש", און פונקען פליהען פון די געפרוירענע, פאַרשטיינערטע גרודעס.

זאַכאַריאַש איז אויך געווען אַן אָפטער גאַסט ביי מיר אין „מאַרהאָדען־הויז". ניט, חלילה, ווייל ער איז געווען אַ פּחדן. פאַרקעהרט, ער איז געווען דער קאַלטבלוטיגסטער מענש און האָט געשפּילט מיט'ן מעסער ווי מיט'ן סמיטשיק. אָבער דערפאַר איז ער אויך, לא עלינו, געווען אַ גרויסער פויליאַק, און פלעגט זיך אַמאָל מאַכען אַ נאַסער, אַ קאַלטער שנייַ, אָדער אַ גליטש, פלעגט באַלד זאַכאַריאַש איינפּאַקען דאָס פידעלע אין זיין גרויסער נאָז־פּאַטשיילע און צו מיר עולה־רגל זיין. ביי מיר פלעגט ער אַזוי לאַנג שפּילען, ביז ער האָט אויסגעשפּילט אַ צוויי־דריי טעג „דיענסט־פריי". איינמאָל האָט ער מיט זיין פידעלע מיך טאַקי שיער ניט „פאַרשיט" אויף תמיד, אָדער בעסער געזאָגט „פאַרשפּילט" אויף תמיד.

## ב.

עס האָט פּאַסירט אין איינעם פון די טעג, ווען עס איז געווען שווער צו קעמפּפען. דער שנעע האָט געהאַלטען אין איין שיטען און איהר האָט כמעט ניט געזעהן די נאָז פאַר זיך. אין דער נאַטור איז געלעגען עפּעס אַזאַ מין אַפּאַטיע, אַז איהר האָט

געקאַנט וועטען הונדערט צו איינס, אַז אין דעם טאָג וועט נים פאַלען קיין שאָס. אין אַזאַ טאָג האָט אפילו דער סאַניטאַר־שעף פאַרלאָרען די מורא און האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן פראָנט, וויזיטירען די הילפס־פּלעצער.

דעם טאָג האָב איך גראַד באַנייט מיין „ווילא לונקא", אַ נייעם האָספּיטאַל, ביי וועלכען מיינע סאַניטאַר־לייט האָבען געאַרבייט חדשים־לאַנג, כדי צו מאַכען דעם בעסטען הילפס־פּלאַץ אין דער אַרמיי. באמת איז דאָס טאַקע געווען אַ קונציגע הויז, מיט בעדלאַך און אַלערליי קאָמפאָרטען, אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט שטאָלץ זיין אויף אונזער אַרבייט. פאַרשטעהט זיך, אַז מיין ערשטער חולה אין דעם נייעם הויז איז געווען דער ציגיינער, וועלכער איז געקומען צום חנוכת־הבית אויספּידלען אַ פרישע פאַר טעג „דיענסט־פריי".

אין דעם הויז איז געווען אָנגעהייצט ווי אין אַ שוויץ־באָד. מיינע מאַראָדען זיינען געשטאַנען אויסגעטאָן צו דער אונטער־זוכונג. אָבער אַזוי ווי דער ציגיינער האָט געהאַלטען אין איין שפּילען, האָב איך זיך ניט געאיילט צו אונטערזוכען און זיי געלאָזט הנאה האָבען פון דער זיסער מוזיק.

שטעהט זיך דער ציגיינער און פידעלט „אַ שעהנע מאַגדאַ־לענא", און מיינע שלים־מזל׳דיגע חולאים ברומען נאָך מיט געזונטע אייזערנע קולות, ווי אָקסען. פּלוצלונג עפענט זיך שטילערהייט די טיר פון דעם אַנדערען פליגעל און עס רוקען זיך אריין דער סאַניטאַר־שעף מיט זיין אַדיוטאַנט.

איך ווייס ניט ווי לאַנג עס האָט געדויערט, איידער איך האָב דערזעהן מיינע געסט, אָבער איהר קענט זיך פאָרשטעלען מיין לאַגע ווען איך האָב זיי שוין טאַקע יאָ דערזעהן! דער סאַניטאַר־שעף האָט זיך געהאַלטען אין איין רייבען די אויגען, צי איז דאָס די ווירקליכקייט, צי אַ חלום, און זיך געטאַפּט ביים שטערען צי איז ער ניט אַראָפּ פון זינען. איך בין צוגעלאָפען און געפּרואווט ראַטעווען די לאַגע.

— האָב איך אָנגעהויבן מיין פאָרגע־ — האָב איך אָנגעהויבן מיין פאָרגע־שריבענע מעלדונג, אָבער איך בין גלייך ווידער שטום געוואָרען דערזעהענדיג, אז מיין פאָרדאמטער ציגיינער וויל ניט אויפהערען צו שפילען, און די נאקעטע סאָלדאַטען טאַנצען אַרום איהם ווי לצים און מאַכען קולות.

דער סאַניטאַר־שעף האָט מיר אָנגעקוקט און מיט אַמאָל, — איך וויים ניט וועלכע זכות אבות עס האָבען זיך פאַר מיר געמיהט, — האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ לאַך־קראַמף און ער האָט זיך געקייקעלט פון לאַכען:

— כאַ, כאַ, כאַ!

ער האָט אַזוי הויך געלאַכט, אַז אויך די „מאַראַדען" האָבען איהם דערהערט און אָנגעהויבען אַריינצושפּרינגען אין די העמדער און אין די הויזען. דאָס האָט איהם נאָך מעהר אַמוזירט, און אַזוי ווי איך האָב געהאַט ערשט־קלאַסיגען קאָניאַק און דער ציגיינער האָט צוגעשפּילט צו דער סעודה, איז דער סאַניטאַר־שעף אַוועקגעגאַנגען העכסט צופרידען און אין צוויי טעג אַרום האָב איך באַקומען אַ באַלוינונג „אינ'ם נאָמען פון דעם אַלערהעכסטען דיענסט", פאַר דער „מוסטערהאַפטער אָרדנונג". אַ מערכה — וואָס איך האָב געהאַט קאָניאַק...

## ג.

אַ חוץ די אַלע מעלות האָט ער געהאַט נאָך אַ פיינע מדה, דער ציגיינער.

ער האָט געהאַט לעפּקע פינגער און אַלץ וואָס ער האָט אָנגעריהרט האָט זיך צו זיי צוגעקלעפּט ווי צו קליי.

אַ שטיקעל שמיי־דריי, און אייערע קעשענעס זיינען געוואָרען ליידיג גלייך ווי דער שטורם־ווינט וואָלט דורך זיי דורכגעבלאָזען.

איין עפּיזאָד איז ווערט צו דערצעהלען.

דער ערץ־הערצאָג יאָזעף, דאָמאָלסט קאָמענדאַנט פון די אַזוי־גערופענע קאַרפּאַטען־אַרמייען, וועלכער איז געווען גאַנץ

מאָדיאַריזירט, האָט ליב געהאַט נאָכצוקרימען זיין עלטער־עלטער־קרוב, קאַיזער יאָזעף דעם צווייטען, כדי זיך צו מאַכען נאָך מעהר פּאָפּולער. אָנגעטאָן אין אַ געוועהנליכע סאָלדאַטסקע היטעל, אָהן „שטערן“ און אָהן דעקאָראַציעס, פּלעגט ער זיך אַרומוואַלגערן אין די גריבער און אריינטענה'ן מיט די סאָלדאַטען, ווי איינער פון זיי. איינמאָל האָט איהם דער רוח פּאַרטראָגען צו אונזער רעגימענט; דער ערשטער, אָן וועלכען ער האָט זיך אָנגעשטויסען, איז געווען דער ציגיינער. זאַכאַריאַש'ן איז אַ פּנים זעהר געפעלען געוואָרען דער אונבאַקאַנטער „באַראַטאַם“ (גוטער ברודער) און ער האָט איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף שנאַפּס. דאָרט האָט איהם זאַכאַריאַש אויך געגעבען אַ פּראָבע פון זיין קונסט, און דרעהענדיג דעם סמיטשיק פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס, האָט ער דערווייל דעם גאַסט באַזוכט די קעשענעס און דעם מאָל האָט זיך צוגעקלעפּט צו זיינע פינגער אַ הונדערט־קראָנען־פּאַפּירעל. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט ווער דער „באַראַטאַם“ איז געווען און פאַר גרויס מורא האָט דער ציגיינער געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און נאָכגעלאָפען דעם גאַסט, כדי איהם אָפּצוגעבען די „געפונענע“ הונדערט קראָנען. דער ערץ־הערצאָג איז געווען זעהר געריהרט פון דעם ציגיינער'ס „עהרליכקייט“ און איהם צוגעגעבען, אַלס באַלוינונג, נאָך 100 קראָנען. דעם ציגיינער איז דאָס ניט שטאַרק געפעלען אפילו, און דערצעהלענדיג מיר דעם עפּיזאָד, האָט ער צוגעגעבען: „טאַקע אַן ערץ־הערצאָג, אָבער דאָך אַ שוטה.

## ד.

עס זיינען פאַרגאַנגען חדשים און איך האָב פון דעם ציגיינער מעהר ניט געהערט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען גרויסע שלאַכטען. יעדען טאָג האָט זיך די לאַגע געביטען: אָט האָבען מיר געהאַט דעם אָדער יענעם בערגעל, באַלד ווידער האָבען איהם די רוסען

איינגענומען. אין אַזעלכע טעג האָט מען אויך פאַרגעסן דעם ציגיינער מיט זיין פידעלע. מיט אמאָל איז זיין נאָמען ערשינען אין באַפעהל אַלס דעזערטיר, און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך דערהאַלטען אַ „דיענסט־צעטעל“ צו אונטערזוכען דעם ציגיינער צי ער איז שטאַרק גענוג פאַר דער עקזעקוציע, וועלכע וועט פאָרקומען 6 אַזייגער אין אָוונט ביים היצעלס בערגעל. די נייעס האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ באַמבע פון דער העלער הויט. זאַכאַריאַש אַ דעזערטיר? פאַראורטיילט דערשאָסען צו ווערען? וואָס איז געשעהן?

איך האָב ניט לאַנג געוואַרט אויף דער תשובה.

אַ פעלד־זשאַנדאַרם האָט איהם אַריינגעפיהרט צו דער אונטערזוכונג. איך האָב געהייסען דעם פעלד־זשאַנדאַרם אַרויס־געהן און בין געבליבען אַליין מיט דעם ציגיינער אין די פיער ווענט.

— זאַכאַריאַש, דו ביסט תמיד געווען אַן אָקס, אָבער איצט ביסטו טאַקע אַ פערד, — האָב איך אָנגעהויבען אין אַ ליבענס־ווירדיגען טאָן.

זאַכאַריאַש איז געשטאַנען שטום און פאַר׳עקשנ׳ט ווי אַ סלופּ.

איך האָב איהם גענומען אונטערזוכען און איינגעטונקט די פען, כדי אונטערצושרייבען דעם געזונדהייט־באַפונד פון זיין טויטען־אורטייל...

— אייגענטליך איז אַן עבירה אַ קויל פון דיינעטוועגען, — האָב איך געברומט, — און כדי דער מיליטער־פאַרוואַלטונג איינצושפּאָרען אַן אַרויסגעוואָרפענעם שאָס פולווער, בין איך באַרייט דיר צו העלפען, דו מיאוסע טשערעפּאַכע.

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געמאַכט מיט׳ן מויל אַ פראַגע־צייכען.

— שטעל אויף דיינע חמור־אייזעלשע אויערען און הער זיך צו, — האָב איך ווייטער צו איהם געזאָגט, — מיין פּלאַן איז

פארטיג, און אויב דו וועסט זיין געשיקט, בין איך זיכער, אז דו וועסט היינט ניט שטארבען, כאטש איין גאט ווייסט, אז דו ביסט ניט ווערט וואס די ערד טראגט דיך. אט וואס דו זאלסט טאן: נעהם מיט צו דער עקזעקוציע דיין פידעל, און ניט קוקענדיג וואס מען טוט מיט דיר, האלט אין איין שפילען, ביז די סטרונעס וועלען טראסקען. איך וועל גלייך דערקלערען, אז דו ביסט משוגע און ביז מען וועט דיך אונטערזוכען אין א שפיטאל, וועלען פארגעהן די דריי טעג פון „שטאנד־רעכט"*), און ביי א געוועהנליכען מיליטער־געריכט וועסטו אפשר קריגען א גרינגערע שטראף.

— איך האב ניט מעהר קיין פידעל, — האט ער געענטפערט מיט א דערשטיקטען געוויין־ספאזם.

איך האב אויסגעשטרעקט די האנט און אראפגענומען פון דער פאליצע דעם פידעל פון מיין סאניטאר־לייטענאנט, וועלכער איז מיר דערגאנגען די יאהרען מיט זיין פידלען.

דער ציגיינער איז געוועזן שטארק גערירט און מיר געקושט די הענט מיט זיינע גראבע ליפען.

ער האט אויפגעצויגען די סטרונעס, אנגעשמירט דעם סמיטשעק מיט קאליפאניע און איינגעהויקערט דעם הארב צום שפילען. אבער באלד האט ער אוועקגעווארפען דעם פידעל.

— ניין, איך קען ניט שפילען, — האט ער געקרעכצט, — עס איז אומזיסט אייער מיה. איך קען ניט שפילען אויף א

*) די באריהמטע עסטרייכישע מיליטער־יוסטיץ, וואס האט אויסגעהרג'עט מעהר מענשען איידער די פיינדליכע הארמאטען, האט אונטערשידען צווישען „שטאנדרעכטליכע" און נארמאל־געריכטליכע" פראצעדורען. „שטאנד־רעכט" האט ארומגענומען אלע גרעסערע מיליטערישע עברות, און אזא פארברעכען איז געמשפט געווארען פון א קליינעם מיליטער־געריכט, אפטמאל אהן עדות. די גאנצע פראצעדור האט ניט גענומען מעהר ווי דריי טעג. אויב די אנגעלעגענהייט האט זיך פארצויגען לענגער און די צייט פון שטאנדרעכט איז אריבער, אזוי האט מען די זאך איבערגעגעבען צו א געוועהנליכען מיליטער־געריכט, וואו מען האט אויסגעהערט עדות און געמשפט לויט דעם געוועהנליכען מיליטער־געזעץ.

פרעמדען פידעל, — און ניט ווארטענדיג אויף קיין קשיות, האָט ער אָנגעהויבען דערצעהלען זיינע פאסירנגען.

ה.

זיין קאָמפּאני־קאָמענדאַנט איז געגאנגען אויף אורלויב מיט נאָך אַנדערע אָפיציערען, און כדי עס זאָל זיי ניט זיין אומעטיג, האָבען זיי מיטגענומען דעם ציגיינער מיט'ן פידעל, ער זאָל זיי שפּילען אויף דער רייזע.

דער ציגיינער האָט פאר גרוים האנקבארקייט איינגעלאדען דעם אָבער־לייטענאַנט צו זיך אויף אַ טאָג, און אַזוי ווי ער האָט געהאט אַ יונג ווייבעל, איז דער אָבער־לייטענאַנט געבליבען אויף דער נאַכט און נאָך אויף אַ טאָג און נאָך אויף אַ נאַכט. אַזוי האָט ער דאָרט פאַרבראַכט זיין גאַנצען אורלויב מיט דער יונגער ציגיינערטע. זאַכאַריאַש האָט דאָס געמוזט אַלץ צוקוקען, און ווען ער האָט אָנגעהויבען פּראָטעסטירען, האָט איהם דער אָבער־לייטענאַנט געשפּיגען אין פּנים אריין און געקאָפּעט מיט די פיס. צום סוף האָט ער איהם ארויסגעוואָרפען און איהם פאַרבאָטען אריבערצוטרעטען זיין אייגענע שוועל. זיין ווייב, וועלכע איז געווען אינגער פון איהם מיט 15 יאָהר, איז געוואָרען פייער און פלאַם פאר'ן אָבער־לייטענאַנט, און איינמאָל, ווען ער האָט זי געטראָפען אליין אין שטוב און איהר געמאַכט פאָרוואורפען פאר איהר באַטרוג, האָט זי איהם גוט אָנגעפּאַטשט, געכאַפּט דאָס פידעלע און אריינגעוואָרפען אין אויווען אריין, שרייענדיג:

— איך האָב דיך פיינט, איך האָב דיך תמיד פיינט געהאַט. דו ביסט מיאוס ווי אַ זשאַבע, נאָר דיין פידעלע האָט מיר פאַר־פיהרט דיר צו נעהמען פאַר אַ מאַן. איצט האָסטו דערפאַר. כאַ, כאַ, כאַ! ווי דאָס פידעלע ברענט, ווי עס פלאַקערט די נקמה!...

זאַכאַריאַש האָט געכליפּעט און געזופט מיט'ן נאָז די טרערען. ער איז געווען אין דעם מאָמענט אַזוי מיאוס, אַז אויך דער

רחמנות האָט זיך פון איהם אָפּגעווענדעט. איך האָב ווידער געפיהלט דעם עקעל, וועלכען איך האָב געהאַט דעם ערשטען מאָל, ווען איך האָב איהם געזעהן.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין פרוי, אַ יונגע, שוואַרץ־חנ'עוודיגע גויה, מיט שוואַרצע צעפּ, ווי אַ וואָראָנע, און אַ קליין קינד, גאַנץ עהנליך צו דער מאַמען.

— אוי, האָב איך זי ליעב! — האָט ער זיך געבאָכעט אין האַרץ. — אויך מיין קינד האָב איך ליעב, אָבער זי טאַקע נאָך מעהר, — האָט ער געהאַלטען אין איין קושען דאָס בילד.

— נו, און פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפען פון רעגימענט? — האָב איך איהם איבערגעשלאָגען די אומפּאָעטישע אידיליע.

— פאַרוואָס איך בין אַנטלאָפען? — איך בין ניט אַנטלאָפען. מיין בלוט איז אַנטלאָפען, מיין האַרץ איז אַנטלאָפען, מיינע פיס זיינען אַליין געלאָפען, איך האָב אפילו ניט געוואוסט ווען!

— איך בין צוריקגעקומען פונ'ם אורלויב אַן אומגליקליכער, אַ דער'הרג'עטער. מיין ווייב האָט געהאַלטען אין איין שרייבען ליבעס־בריעף צום אָבער־לייטענאַנט. יעדע וואָך אַ בריוועל, און אַלעמאָל אַ פּעקעל מיט קיכלאך, קאָלבאַס און קאָניאַק. איך האָב זיי אַלע געלעזען, די בריעף; אין דער נאַכט, ווען דער אָפיציער איז געשלאָפען, פלעג איך זיך אריינ'גנב'ענען אין זיין קעמערל און איבערלייענען די בריעף. איך בין שיער ניט משוגע געוואָרען פאַר וועהטאָג, אָבער איך האָב פאַרביסען די צייהן און קיינעם גאָרניט דערצעהלט פון מיינע גרויסע יסורים. ביז איין נאַכט האָט עס מיך אויפגעוועקט; ווי אַ וויכער האָט עס מיך אַראָפּגעטראָגען פונ'ם בעט און געטריבען, געיאָגט. איך בין געלאָפען דורך הויכע בערג, דורך טאָלען. איך האָב געבלאָנדזשעט אין וועלדער טאָג און נאַכט. איך האָב געזעהן פייערדיגע אויגען פון הונגעריגע וועלף, וועלכע האָבען געלויכטען אין די פינסטערע וועלדער ווי שטערען; איך האָב געהערט זייער וואָיען און געזהן שליאַדעס פון ווילדע חזרים. אָבער די ווילדע חיות האָבען אויף מיר רחמנות געהאַט

און מיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. איך האָב אזוי צוויי וואָכען ארומגעבלאָנדזשעט אין די קארפאטען, מיך דערנעהרט מיט וואָרצלען, וואס איך האָב אויסגעגראָבען פון אונטער דעם שנעע. איך בין כמעט קיינמאָל ניט געשלאָפען. ביז איך האָב מיך צוגעשלאָגען צו א באהן־סטאנציע נאָהענט פון מיין היים. און ווען איך בין אריינגעקומען אין שטוב אריין, בין איך אנידער־געפאלען ווי א מת...

— ווען איך האָב זיך אויפגעכאפט, זיינען געשטאנען ארום מיר זשאנדארען. מיין ווייב האָט מיך פארראטען און איבערגע־געבען אין די הענט פון דער זשאנדארמעריע.

ו.

דער פעלד זשאנדארם האָט אָנגעקלאפט אין דער טיר, זיך אויסגעצויגען ווי א סטרונע און סאלוטירט: „מעלדע געהאָרכ־זאמסט" — באפעהל, דעם טויט־קאנדידאט פאר 6 אזייגער צוצו־שטעלען צום היצעלבארג; הערר אָבערסט האָט אויך באפוילען דער הערר דאָקטאָר זאָל מיטגעהן כדי צו קאָנסטאטירען דעם טויט.

איך האָב א קוק געטאָן אויפ'ן ציגיינער. ער האָט גאָר אינגאנצען זיך פארלוירען. ער האָט זיך אנידערגעוואָרפען אויף דער ערד און געשריען, ער וויל ניט שטארבען. ער וויל זעהן זיין ווייב, זיין געליבטע ווייב. דער פעלד־זשאנדארם האָט איהם געשלעפט ווי א קעלבעל צו דער שחיטה.

ביים בארג זיינען געשטאנען פופצעהן סאָלדאטען און געלאָדען די געוועהר אזוי געלאסען, גלייך זיי וואָלטען געגאנגען אויף געיעג.

איך האָב געפרואווט איינעם פרעגען:

— עס ווייזט אויס, דו ביסט צופרידען מיט דיין מיסיע צו טויטען א קאמעראַד? העַ?

ער האָט מיר צוגעוואָרפען א בליק פול מיט שטומפיגער טעמפקייט און אומגלויבליכקייט, צי מיין איך עס טאקע ערנסט,

און האָט געענטפערט מיט אַ הינטישען שמייכעל: — אַ דעזערטיר מוז מען שיסען, הערר אָבער־אַרצט.

דער ציגיינער האָט ניט געוואָלט קניען און זיך ניט געלאָזט צובינדען די אויגען.

איך בין אומשולדיג, — האָט ער געוויינט, — לאָזט מיך נאָך אַ פּאָר טעג לעבען, ביז איך וועל זיך געזעגענען מיט מיין ווייב, מיין טייער ווייב, מיין זיס ווייב...

— שיסען! — האָט דער אָבער־לייטענאַנט קאָמאַנדירט, דער זעלביגער וואָס האָט פּאַראורזאַכט דעם גאַנצען אומגליק — שיסען די בעסטיע!

פּופּצעהן שאָס אויף דעם ליגענדיגען קערפּער און דורך פּופּצעהן לעכער האָט זיך געגאָסען דאָס ציגיינערשע בלוט. און פּופּצעהן רויטע אָדערען האָבען זיך באַוויזען אויפ'ן ווייסען אומשולדיגען שנעע.

דער אָבער־לייטענאַנט האָט געוואַרט אויף מיין ראַפּאָרט.

— הערר אָבער־לייטענאַנט, — האָב איך איהם געוומען דורכבויערען מיט מיין בליק — אַלס מעדיצינישער עקספּערט באַשטעטיג איך זיין טויט, אָבער אַלס מענש פרעג איך דיך, וואָס וועט איצט געשעהן מיט זיין ווייב און קינד? הע?

— אַ, זיין ווייב איז אין גוטע הענט, — האָט ער זיך פרעך צולאַכט. — מיין ברודער איז איצט אויף אורלויב, און ער וועט שוין זאָרגען דערפאַר, אַז מאַרינאַ'ן זאָל זיין פרעהלאָך. — כאַ, כאַ, כאַ... אַ פיינער ביסען, מאַרינאַ...

# פאַר'ן קיסר

א.

עס איז געווען אין די הייסע זומער־טעג, ווען די זון האָט געברענט ווי אַ קאַלך־אויווען און די געשוואָלענע, שווערע פּאַרע־לופט האָט געמאַכט פון'ם דרויסען אַ מרחץ.

מיר האָבען געקעמפּפט אויף די בערגלאַך פון'ם גאַליציש־בוקאָווינער שטח און דער קאַמף איז געווען זעהר אַ ביטערער. זייט וואָכען איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער געשלעג מיט די רוסען, וואָס האָבען אריינגעביסען זייערע ציין אין דער פעטער ערד און האָבען מיט עקשנות פאַרטיידיגט דעם גוטען ביסען. מיר האָבען געשטורעמט אַ דאָרף נאָך אַ דאָרף, און די רוסישע כוואַליעס האָבען אָנגעהויבען פּאַוואָלינקע צוריקשווימען. מיר האָבען שריט אויף שריט צוריק ערָאָבערט דעם עסטרייכישען באַזיץ, וואָס איז געווען אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט. מיר האָבען באַפרייט די אונטעריאָכטע! מיר האָבען זיך געפיהלט ווי באַפרייער און ערוואַרטעט אַן ענטוזיאַסטישען קבלת־פּנים.

אָבער די רעכענונג איז געווען אַ פאַלשע.

די באַפעלקערונג פון די לענדער איז געווען אַ געמישטע, אַן אוקראַיניש־רומעניש, און זיי האָבען געהאַט ווייניג חשק „באַ־פרייט" צו ווערען, די אוקראַינישע מאַסקאַלאָפילען און די „רומענישסטע" רומענען. זיי האָבען געהאָפט אויף אונזער מפּלה און ניט ערוואַרטעט אונזער נצחון. זיי זיינען געווען שטאַרק ענטוישט מיט אונזער צוריקקומען און האָבען זיך געטרייסט, אַז דער שטורם־ווינט, וואָס האָט אָנגעטראָגען די אומגעלאַדענע אורחים וועט איינגיכען אויסבלאָזען זיין קראַפט, און דער פּאָלי־

טישער הימעל וועט זיך ווידער אויפלויכטען ווי אין די פריהעריגע גוטע צייטען, ווען ברודער מאסקאל איז געווען דער באשיצער.

אמת, פון אויסוועניג האט מען ניט תמיד געקאנט וויסען מיט וועמען מען האט צו טאן, מחמת די פויערים האבען אנגעטאן א מאסקע פון לאיאליטעט און האבען זיך שטארק באמיהט, אז מען זאל חלילה ניט באמערקען זייערע אמת'ע געפיהלען. אבער א פורים־שפיעל בלייבט א פורים־שפיעל! דאס האט זיך ספע־ציעל געפיהלט אין א פאר דערפער, וואו מען האט דעם נאכגע־קרימטען פאטריאטיזם אויפגעבלאזען ווי א זייפען־שוים און מען איז שיער נט צופוקעט געווארען פאר „שמחה". דער תענוג האט זיך צוגאסען ווי אן אויסגעלאזטער חזיר־שמאלץ, געבליבען זיינען אבער די „גריוועז", און פון די קלייניטשקע קאסע אויגעלאך האבען געבליצט פיילען פון פארביסענקייט. די קרענץ, וואס זיי האבען געפלאכטען פאר די רוסישע סאלדאטען, האבען זיי אויפ־געהאנגען אויף די העלזער פון אונזערע פערד, און דעם גוט־אויסשטודירטען רוסישען „הורראַ" האבען זיי, כאפ־לאפ, פאר־טייטשט אויף עסטרייכיש, דאס הייסט פאלש און אומגעלומפערט, ווי די טענער פון א צוטרייסעלטען אינסטרומענט. אויך טריאומף־בויגענס האבען דערביי ניט געפעהלט, און ברויט און זאלץ האט מען אונז אנטקעגען געטראגען, אנשטאט סם.

מען האט זיך געפרעהט מיט יאשצערקעס און געשמייכעלט מיט הארץ־וועהטאג.

נאר אין איין דארף האבען די פויקען ניט געברומט און די טראמייטערס ניט געבלאזען. עס איז געווען שטיל ווי אויף א בית־עולם, קיין מענש ניט צו זעהן. אפנים דא האט מען צופיל געזינדיגט און מען האט ניט געהאט קיין צייט תשובה צו טאן.

ב.

מיר האבען מארשירט אין געזיכערטע פארמאציעס מיט א „פארהוט" און זייטען־פאטראלען און געהאלטען אפען די אויגען

פאר אַן איבערראַשונג. עפּעס האָט אין דעם לאַנגען, גרויסען דאָרף געשמעקט צופיל מיט רעוואָלט! די אָפיצירען האָבען אָנגעצויגען די לייצעס פון די פערדלאַך, וועלכע האָבען פאַרזיכטיג אַריינגעשטעקט די קאָפּעטעס אין ווייכען לעפקען זאַמד. זיי האָבען געפּאָרסקעט מיט די מיילער און געפּאָכעט מיט די עקען, גלייך ווי אויך זיי וואָלטען ניט געהאַט צופיל פאַרטרויען צו דעם אומגעוועהנליכען ברוך־הבאָ. די סאָלדאַטען האָבען צוגעדריקט די ביקסען צו די אַקסעל, באַרייט צו שיסען אויף אַ באַפעהל. מען האָט פאַרבאָטען צו זינגען און צו פייפען, ווי אין אַ פיינדליכער טעריטאָריע. קיין הונט האָט ניט געהאַוקעט. דאָס דאָרף האָט אונז אָנגעקוקט מיט ליידיגע שויבען.

ערשט אין מיטען דאָרף האָט זיך אָנגעהויבען צו ווייזען עפּעס לעבען. און קומענדיג נעהענטער צום קלויסטער, האָבען מיר דערזעהן אַ דעפּוטאַציע פון פויערים באַלאָדען מיט צלמים און מיט הייליגע פאָנען, וואָס האָבען זיך געבוקט און געוואונקען מיט גרויס דרך־ארץ. און בראש פון דער דעפּוטאַציע איז אונז אַנטקעגען געשפּרונגען אַן איינגעהויקערטער, צובראָכענער אידעל אין אַן אָפּגעריבענער זיידענער קאַפּאָטע, איינגעהילט אין אַ טלית און מיט׳ן שטריימעל אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט: אַ ב ר ה ם ׳ ק ע ד ע ר נ אַ ט ש אַ ל נ י ק! און אָנגעהויבען זאָגען דעם שהחינו מיט אַ וויינענדיגען נגון פון אַ חזן צו נעילה. דאָס איז געווען אַזוי גראָטעסק, אַזוי קאָמיש, אַז מען האָט פאַר־געסען דעם קריעג, פאַרגעסען דעם שונא, פאַרגעסען די פאַררעטער, און אַריינגעפאַלען אין אַ פרעהליכקייט, וואָס האָט אָנגעשטעקט אַלעמען. פונ׳ם קאָמענדאַנט ביז צום פּראָסטאַק, אַלע האָבען זיך געהאַלטען ביי די זייטען. און אברהם׳קע האָט ערשט געהאַלטען ביים אָנהויב. פונ׳ם „שהחינו" איז ער אַריבערגעשפּרונגען צום „מי שברך", און קוים איז ער פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן „מי שברך" אויפ׳ן קיסר און אויף די מלכה און אויף דעם גאַנצען הויז־געזינד, האָט ער זיך פאַרבלאָנדזשעט אין אַ געדיכטען וואַלד פון פסוקים

און פּרושים און ברכות, און האָט גאָרניט געוואָלט אויפהערען מיט זיינע משלים און מיט דער לאַנגער רעדע, מיט וועלכער ער האָט אונז געוואָלט באַעהרען, ווי אַ חדר־אינגעל, ווען ער ווערט בר־מצוה, צום מזל.

די גוים, וואָס האָבען אין אָנהויב ניט געפּיהלט זיכער און זיך באַהאַלטען אונטער אברהם׳קעס פּאָלעס, האָבען אָנגעהויבען צו פאַרקרימען די מיילער, ווי פון אַ ביטערען טראָפּען, און וואָס לענגער עס האָט געדויערט די קאָמעדיע, אַלץ ברייטער זיינען געוואָרען זייערע גראָבע פּיסקעס און אַלץ מעהר האָבען זיי געשטשירעט די ווייסע ציינער. זיי האָבען „פּאַטריאָטיש" מיטגעלאַכט. אַן אַלטער גוי איז אַרויסגעשפּרונגען. ער האָט אַוועקגעשטופּט אברהם׳קען און אַליין גענומען דאָס וואָרט.

— ניין, זיי זיינען, חלילה, ניט אויסען געווען קיין שלעכסט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געלאָזט דעם זשיד ריידען פאַר זיי... נאָר פּשוט... אַ ברירה האָבען זיי געהאַט? דער פריהערדיגער נאַטשאַלניק איז אַוועק מיט די רוסען, און אויך די ראַדניקעס זיינען „שטשעזנעט" געוואָרען... טאָ פאַרוואָס זאָל דאָס דאַרף באַשטראָפט ווערען? זיי זיינען תמיד געווען לאָיאַלע... אַ סימן, זיי האָבען אויסגעוועהלט אברהם׳קען ער זאָל פאַר זיי בעטען מחילה... מען זאָל, חלילה, דאָס דאָרף ניט אונטערצינדען... און אברהם׳קע איז אַן „אויסטריאַק, אַ דזשידקאַ" — האָט זיך דעם אַלטען גוי די צונג פאַרפּלאָנטערט.

אָבער ווער הערט דעם גוי? ווער פאַרשטעהט זיין משונה־דיגען לשון? אָט זעהט אברהם׳קען. ער האָט גענומען טאַנצען מיט די ווייסע זאָקען און די הויזען פאַרבונדען אונטער די קניען און דאָס רויטע קאָזע־בערדעל האָט זיך צוהוליעט, ווי די חסידים ביים רבין׳ס מלוה־מלכה. אַ קלייניגקייט, אַ שמחה! — אונזערע זיינען דאָ! אונזערע סאָלדאַטען, אונזערע פאַנע אָפיצערם, אונזער קיסר זאָל לעבען... אַ פייג די קאַצאַפּעס... אָט אַזוי האָט ער זיך צוגעזונגען ביים טאַנץ.

די סאָלדאַטען האָבען איהם אַרומגערינגעלט, מען האָט אוועס־געוואָרפען די געווערען, אַ קאַטערינקע האָט זיך צושפּילט און געפּליעסקעט האָט מען „טאַנצוי, זשידע!" דער טלית האָט זיך איהם אַראָפּגעגליטשט פון'ם קרומען אַקסעל און די ציצית האָט מען פאַרבונדען מיט עסטרייכישע טראָלדען, אָבער אברהם'קען האָט דאָס ניט געאַרט. אַ קליינינקייט, אַ שמחה אויף אברהם'קען!

די סיטואַציע איז געוואָרען אַ פיינליכע און איך האָב באַ־שלאָסען אויסצופּלאָנטערען דעם אידען פון'ם גוי'אישען קנויל. איך בין צוגעריטען צו קאַפּיטאַן נ., אַ מאַלפּע־מענש, וואָס האָט געליטען פון געהירן־סיפילים און איז זעלטען ווען געווען ניכטער. איך האָב איהם געבעטען צו מאַכען עק פון דער טראַגי־קאָמעדיע. ער האָט אויף מיר אויפגעהויבען די וואַסערדיגע אויגען, פון וועלכע עס האָט געקאַפּעט דער בראָנפען ווי פון אַ פּראָפינאַציע, און האָט זיך אירּאָניש געוויצעלט: גוה, דאָקטאָר, איז דאָס ניט קאָמיש? כאַ, כאַ, אַ קאָמישער איד! אָבער ער האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז ער דאַרף מיין לאַסקע, און האָט אַרויסגעלאָזען אַ קאָמאַנדע, פּול מיט כעס און מיט ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן עסטרייכישען גבור — און שטיל איז עס געוואָרען ווי צו כל־נדרי. אויך די גוים האָבען זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען צוריקציהען זיך אין זייערע גראָבע, געדיכטע הייטלאַך ווי אָנגעטרעטענע שלימאַקעס. נאָר איי־נער האָט ניט געהערט דעם באַפעהל: אברהם'קע דער הוליאַק.

אַ קליינינקייט, אַ פרייד אויף אברהם'קען!

ג.

איך האָב איהם באַלד באַזוכט, אברהם'קען. זיין הויז איז געווען לייכט צו דערקענען. דאָס הויז האָט געהאַט אברהם'קעס צורה. אַ קריפּעל ווי ער אַליין. קיין טיר און קיין פענסטער זיינען ניט געווען. דער דאַך איז געווען באַדעקט מיט לעכער. און פון'ם בוידעם האָט אַרויסגעשטעקט דער טלית מיט די עסטרייכישע טראָלדען, במקום אַ פאָהן. אַ צובראָכענער טאַפּטשאַן און אַ טיש

א קאַליקע אויף דריי פיס, זיינען געווען די איינציגע מעבעל.
ער האָט מיר גענומען דערצעהלען:

— פינף זיינען מיר געווען. מיין ווייב, די קדושה, צוויי קדישים און איינע... אָך און וועה איז מיר, — האָט ער פאַרדעקט דאָס פנים מיט צוויי דאַרע הענט, דורך וועלכע די זון האָט דורכגעשיינט ווי דורך אַ פּאַרמעט. ער האָט ניט פאַרענדיגט דעם זאַץ.

— יאָ, פינף זיינען מיר געווען... נט געווען קיין עשירות, ניט קיין גרויסע גליקען, אָבער געווען צופרידען און געלעבט זיך גליקליך...

— מיין ברינע, די צנועה, אין גן עדן איז איהר נשמה — זי איז געשטאָרבען באַלד ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען... מען האָט געזאָגט אויף טיפוס, יאַקבי, ווער ווייסט? ניט געווען קיין דאָקטאָר זי צו ראַטעווען! מיין מיזיניקעל איז איהר באַלד נאָכגעשטאָרבען, דער כשר'ער מאַמען. דעם בכור האָט דער קאַיזער צוגענומען — זיין נאָמען איז צוריקגעקומען...

— קלעהר איך ביי מיר: מילא, גאָט איז גערעכט! מי יודע גאָט'ס וועגען? טרעפט זיך אָן אומגליק, אַ שאַנד! אַ טאָכטער, אַן איין איינציגע, אַן אויג אין קאָפּ! איך האָב געהיט איהרע טריט און ניט געלאָזט קיין בייז אויג אויף איהר אַ שיין טאָן, געטוליעט זי צום האַרצען, געוויינט פאַר איהר... געבעטען ביי איהר רחמים... אָבער וואָס טויג אַן אַלטער טאַטע? אין אַ פריהמאָרגען בין איך אויפגעשטאַנען — איהר בעט איז געווען ליידיג... זי איז אַוועק מיט אַ רוסישען אָפיציר, די משומדת...

— פינף זיינען מיר געווען... אַליין בין איך געבליבען, איינער אַליין, אַן עלענטער איד צווישען אַזוי פיל כאַמעס — אַ פאַרלאָזענער, אַ פאַרשטויסענער, פון דער וועלט און פון יענער וועלט...

— די רוסען האָבען מיך געשלאָגען, גע'ממית'ט, צובראָכען אַ ריפּ, צוהאַקט די זייטען... געמאַכט קראַנק דאָס האַרץ... אָנגעהויבען צו שפּייען מיט בלוט... פרעג איך, היתכן? פאַרוואָס? פאַרוואָס פייניגט איהר אַן עלענדען אידען? צולאַכען זיי זיך, די פּאָניאַקעס:

מיר דאַרפֿען ניט קיין זשידעס! געה צו דיין זשידאָווסקען קאַיזער — הערען זיי ניט אויף צו פּייניגען מיך, די רוצחים.

— די פֿעלדער האָבען זיי ביי מיר צוגענומען, אויסגערויבט, אַ תל געמאַכט; געבליבען נאַקעט און באָרוועס, עלענד און קראַנק... זיץ איך און וואַרט אויפֿ'ן מלאך־המות. און ער קומט ניט, דער עקשן — האָט ער זיך געפּרואווט ווערטלען.

— נו, מילא! געלויבט דער אויבערשטער, ניט אומזיסט געליטען. דערלעבט די גוטע שעה. גאַנצע טעג געזעסען און גוזר־טענית געווען: — גאָטעניו טייערער, טאַטעניו זיסער! זאָל מיין צער קומען פֿאַר דיר! דערבאַרעם זיך אויף אַ וואָרים! שיק צוריק אונזער קאַיזער! טו אַ נס! העלף איהם ווי דו האָסט געהאָלפֿען די חשמונאים...

— יאָ, עס איז געווען אַ לאַנגער גלות, — האָט ער ווידער אָנגעהויבען. די צרות זיינען געווען כמים עד נפש. איך האָב געליטען גיהנום, אָבער וואָס לענגער עס האָט געדויערט די שרעקליכע צייט אַלץ מעהר האָט מיין צובראָכען האַרץ געבענקט, גע'חלומ'ט, געהאָפֿט און זיך געטרייסט: זיי וועלען צוריקקומען אונזערע, זיי וועלען זיגען, אונזערע... פֿאָניע וועט איינגעמען אַ מיתה משונה... אונזער קאַיזער וועט זיך אָננעמען מיין קריוודע, אונזער ביטערע קריוודע...

— וואָס די שמחה איז אַזוי גרויס? הע? איצט פֿאַר־שטעהט איהר שוין? למנצח, למנצח! געזעהן מיט די אייגענע אויגען ווי אונזערע זיינען צוריקגעקומען, אונזערע זעלנער, דעם קאַיזער'ס חיל, גאָט'ס חיל — איז ער אריין אין אַ כל־מקדש נגון.

— הכלל, וואָס דענקט איהר איצט צו טאָן... ווי מיינט איהר, וועט אונזער קאַיזער, פֿראַנץ יאָזעף, געהן קיין פּעטערבורג און אַראָפּוואַרפֿען פֿאָניען פֿונ'ם ביינקעל? — האָט ער זיך פֿאַר־פּלפּול'ט אין אַן עכטער בית־המדרש פּאָליטיק.

איך האָב געוואָלט הערען מעהר וועגען איהם, ווי וועגען קיסר. איך האָב איהם איבערגעשלאָגען:

— מענש, קומט צו אייער זינען, דער אלטער קיסר איז טויט. און אנדערער זיצט איצט אויפ'ןביינקעל.

— טויט?...

— יא, טויט אויף טויט, — האב איך זיך געפרואווט ווינצלען. אבער איך האב באלד חרטה געהאט. אברהם'קע האט ניט מעהר געריעדט, ער האט מיך ניט מעהר געזעהן, די גאנצע וועלט איז פאר איהם פארשוואונדען. די קניען האבען איהם גענומען ציטערן, דאס קאזע־בערידעל האט ער פארביסען צווישען די ציינער און פון זיין טרוקענעם גארגעל האט זיך ארויסגעריסען א קרעכץ, ווי פון א דערשאסענעם פויגעל:

— טויט? ט—ו—י—ט?...

— טויט, טויט, ט—ו—י—ט, — האבען פלוצלונג די מאשינען־געוועהרען אנגעהויבען שילטען מיט טויזענטער צונגען.

— טראך, טאראך, טאראך... — האבען אנגעהויבען גראנאטען פאלען גאנץ נאהענט.

מיין דינער איז אריין אהן אן אטעם:

— אויפ'ן פערד, הערר דאקטאר!

— די רוסען...

איך בין ארויס פון דער שטוב א צודרעהטער. איך האב געפיהלט, אז איך האב לייכטזיניג צושטערט די איינציגע אילוזיע, וואס איז געבליבען דעם אומגליקליכען אידען. צובראכען די לעצטע שטרוי, און וועלכער עס האט זיך אנגעהאלטען א נשמה, וואס טרינקט זיך. איך האב באגאנגען א פארברעכען! גאט זאל מיר מוחל זיין!

ד.

א פאר טעג שפעטער זיינען מיר ווידער אין דארף אריין. דאס מאל האט יעדער געוואוסט, אז מיר האבען נאך איין פריינד אין דארף און דאס איז אברהם'קע, דער גאטשאלניק. עס זיינען ניט געווען מעהר קיין דעפעשאציעס און עס האבען ניט געפלאטערט

קיין הייליגע פאָהנען. אַ דאַנק דעם פאַרראַט פון די פויערים איז עס געלונגען די רוסען אונז צו פאַרטרייבען פונ'ם דאָרף, און עס האָט געקאָסט פיעל בלוט דאָס דאָרף נאָך אַמאָל צו שטורמען. אַט פאַרוואָס די קאָמאַנדאַ האָט באַשלאָסען אויסצוגעפינען אברהם'קען און איהם אויסצופאָרשען. אָבער אברהם'קע איז ניט מעהר געוועזן. אַן אַלטע בעטלערקע, כמעט די איינציגע, וואָס איז געבליבען אין דאָרף, האָט אונז דערצעהלט:

— ווען דער פיינד איז ווידער אין דאָרף אַריין, האָבען זיי דערזעהן דעם טלית מיט די עסטרייכישע טראַלדען אויף אברהם'קעס הויז. זיי זיינען אין שטוב אַריין. אויף דעם איבערגעקעהרטען טאַפּטשאַן, אָנגעטאָן אין ווייסע זאָקען און אין אַ קיטעל, איז געזעסען אברהם'קע. „ער איז געזעסען שבעה נאָכ'ן קיסר", האָט ער געזאָגט. די גוים האָבען דערצעהלט וועגען אברהם'קעס פאַרראַט און אָנגערייצט די צובייזערטע מאָסקאַלסקע הינט אויף דעם עסטרייכישען „נאַטשאַלניק". די רוסען האָבען גענומען שלאָגען דעם אָרימען איד און איהם ניט נאָכגעלאָזען ביז ער איז אַנידערגעפאַלען אַ טויטער. אַ טויטען האָבען זיי איהם פאַרגראָבען אין אַ גרוב און אויפ'ן קבר אַרויפגעשטעלט אַ צלם מיט דעם אויפשריפט:

„דאָ ליגט אַ זשידאָווסקער פאַררעטער".

די גויים האָבען דעם אומרייגעם אידען ניט פאַרגונען דעם הייליגען צלם און איהם אַרויסגעריסען פון'ם קבר.

אָט אַזוי האָט פאַרענדיגט אַ איד, וואָס האָט ליעב געהאַט דעם קיסר מעהר פון זיך אַליין.

ה.

די עסטרייכישע קאָמאַנדע האָט באַשלאָסען צו עהרען אברהם'קען נאָכ'ן טויט. אויפ'ן באַפעהל פון אַ העכערען אָפיציר האָט מען אויפגעהויבען דעם אויסגעריסענעם קרייץ, אָפּגעהאַקט די פּראַוואָסלאַווע שפּיצען, אָפּגעמעקט די קירילישע בוכשטאַבען

און געמאַכט פון׳ם האַלץ אַ כשר׳ן, עכט קאַטוילישען צלם. אויף דעם צלם האָט דער רעגימענט־סופר אויפגעקריצט אין פאַרצוקטע גאָטישע אותיות: „דאָ ליגט אברהם׳קע, דער עסטרייכישער פּאַטריאָט". צוויי סאָלדאַטען האָבען דעם צלם פאַרגראָבען אברהם׳קען צוקאָפּענס און איהם באַפעסטיגט מיט שטיינער, כדי דער ווינט זאָל איהם ניט איבערקעהרען און די חזרים ניט אונטערגראָבען. עפּעס אַ לץ — און וואו זיינען ניטאָ קיין לצים? — האָט אויפ׳ן צלם אויפגעהאַנגען אַ רויטען אולאַנסקען קאַשקעטעל, מיט מעשענע קנעפּ, וואָס האָט זיך ערגעץ־וואו פאַרבלאָנדזשעט אויפ׳ן קריגס־פראָנט, מיטגעבראַכט אפשר פון אַ „גרינעם" פונ׳ם „קאַדער". דאָס האָט אַרויסגערופען אַ געלעכטער, וואָס האָט איבערגעהילכט דעם גלח׳ס ברכות. דער עולם איז זיך צוגאַנגען פּאַוואָלינקע און ניט אויפגעהערט קוועלען פונ׳ם וויץ.

— כאַ, כאַ, כאַ, — אַ רויטער אולאַנסקער קאַשקעטעל, וואָס שאָקעלט זיך אויף אברהם׳קעס קבר...

די זון האָט געשיקט איהרע לעצטע שטראַהלען און אין ליכט פון דער פאַרגעהענדער זון האָט געבלישטשעט דער רויטער קאַשקעטעל מיט די מעשענע קנעפּ, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעשניטען די אותיות: F. J. I.*; און אברהם׳קע האָט זיך געפרעהט אין קבר:

— טאַקע אַ קאַשקעטעל אויף אַ צלם, אָבער פאָרט אַ קאַיזערליכע היטעל...

---

*) פראַנץ יאָזעף, דער ערשטער.

# דער „אָפּיציערס־אַספּיראַנט" אויפ'ן שלאַכט־פעלד

### א.

עס איז בעסער צו זיין אין אַ גוטער, איידער אין אַ שלעכטער געזעלשאַפט. דער אַלטער כלל איז תמיד אמת, ספּעציעל אָבער האָט דאָס זיך באַשטעטיגט אין דער מלחמה.

ווען מען האָט מיר געגעבען דעם באַפעהל צו געהן צום פראָנט, האָט מען מיך געלאָזט אויסקלייבען צווישען אַ פּאָר רעגימענטען. איך האָב געוועהלט דאָס שאַרפסטע און בעסטע רעגימענט און איך האָב קיינמאָל קיין חרטה ניט געהאַט. איך געדענק מיט וואָס פאַר אַ בייסיגער איראָניע מיינע קאָלעגען האָבען זיך איבער מיר געוויצעלט, ווען זיי האָבען געהערט מיין וואהל. איך האָב מיר אָבער געדענקט: „לאַכט, לאַכט; אַם בעסטען לאַכט דער, ווער עס לאַכט צום סוף". היינט לעבען ניט מעהר אַ סך פון די, וועלכע האָבען געהאַלטען פונ'ם כלל, אַז עס איז בעסער צו דיענען ביי אַ רעגימענט, אַ שלים־מזל, ווייל אַזאַ קאַליקע שיקט מען ניט דאָרט, וואו עס איז אַ סכנה. איך האָב געוואוסט ביי מיר, אַז קוגעל עסען איז טאַקע גוט מיט חסידים, אָבער אויב מען געהט שוין יאָ זיך שלאָגען, איז טאַקע בעסער מיט אַ גבור בשותפות. און איך האָב מיך משדך געווען מיט דעם בעסטען רעגימענט, אָדער איינעם פון די בעסטע, וואָס די עסטרייך־אונגאַרישע ארמיי האָט פאַרמאָגט.

מיין רעגימענט, נומ. 101, איז געווען צונויפגעשטעלט פון מאַדיאַרען און סלאָוואַקען, און אין איהם האָט זיך טאַקע אויסגע־דריקט די בעסטע אייגענשאַפטען פון ביידע נאַציעס.

די מאַדיאַרען האָבען צושטייער געגעבען די ווייטקייט און ברייטקייט פון זייער היימישער פּוּשטאַ, וואו דאָס אויג באַגעגענט ניט קיין שום מניעה; קיין בערגעל, קיין טאָל — אַלצדינג איז גלאַט ווי אַ ווירע.

די סלאָוואַקען ווידער האָבען מיטגעבראַכט די שטייפקייט און האַרטנעקיגקייט פון זייערע גראַניטענע בערגלאַך און די אומבאַוועגליכקייט פון זייער האָריזאָנט.

און פון די צוויי אַזוי־פאַרשידענע עלעמענטען איז געבוירען געוואָרען אַ וואונדערבאַר סינטעז.

האָט מען געדאַרפט מאַכען אַן אַטאַקע, אַזוי פלעגען די מאַדיאַרען פליהען ווי די רוחות. זיי פלעגען אוועקוואַרפען די ביקסען, פאַרבייסען דאָס מעסער צווישען די ציין און קאָכען פאַר רציחה, אַז עס איז געווען אַן אימה זיי אָנצוקוקען. האָט מען אַ בליק געטאָן אויף די ווילדע אויגען פאַרלאָפען מיט בלוט, און געזעהן ווי די ווייסע פיענע רינט פון די אכזריות'דיגע מיילער, אַזוי האָט מען געוואוסט „יאָאייציקאַט" (אַ גוטע נאַכט) — דער שונא וועט ניט מעהר דערלעבען צו זעהן דעם זון־אויפגאַנג. האָט מען אָבער באַדאַרפט אויסהאַלטען דעם פיינדליכען אימפּעט, אַזוי זיינען ווידער די סלאָוואַקען געווען די פּאַסיגסטע פאַר דעם צוועק.

שטיל, פאַר'עקשנ'ט און פאַרביסען זיינען זיי געלעגען אין די גראָבענס און כאָטש עס האָט גערעגנט אויף זיי האָגלען דאָס גרעסטע טראָמעל־פייער*) פלעגען זיי פּאַמעלאַך קנייפּען שטיקער ברויט פון זייערע ברויט־טאָרבעס, גלייך ווי עס וואָלט זיי דאָס גאָר אינגאַנצען ניט אָנגעגאַנגען. די רוסען האָבען עס געוואוסט, אַז אַ סלאָוואַק צו ריהרען פון זיין גרוב איז פּונקט אַזוי שווער ווי צו פאַראַקערען דעם שטיינערנעם סלאָוואַקישען באָדען. זיי פלעגען זיך ניט איינמאָל צוברעכען די ציין, ווען זיי האָבען געוואָלט געבען אַ ביס דעם סלאָוואַקישען פראָנט.

---

*) דאָס שטאַרקסטע אַרטילעריע־פייער.

די מאָדיאַרען האָבען געשענקט דעם רעגימענט זייער ברייטע נשמה און זייער גליהענדען טעמפעראַמענט. די סלאָוואַקען ווי־דער האָבען איהם געגעבען אייזערנע ביינער, אַ מין דעמבענעם אונטערשפּאַר, דעם חוט השדרה, דעם רוקען־ביין.

און איהר וועט אויך פאַרשטעהן, אַז צו זיין אַ העלד ביי אַזאַ העלדישען רעגימענט איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך. אַזאַ העלד האָב איך געקענט. יאָנאַש באַטאַני, „דער אָפיציער־אַספּיראַנט", איז געווען דער העלד פון'ם רעגימענט, אַ העלד פון העלדען, אַ גבור וואָס האָט ניט געהאַט זיין גלייכען.

ב.

„אָפיציערס־אַספּיראַנט" איז געווען זיין צונאָמען. באמת איז ער געווען אַן אונטעראָפיציער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשטרעבט צו ווערען אָפיציער און איז געבליבען ביי די אַספּי־ראַציעס ווי אַ הונגעריגער ביים אַפּעטיט. פון וואַנען עס קומט צו דעם ריעז אַזאַ שוואַכקייט, וואָס האָט איהם געמאַכט צו שפּאָט ביי זיינע חברים, און פאַרוואָס מען האָט איהם טאַקע ניט געמאַכט פאַר אַן אָפיציער, האָט קיינער ניט געוואוסט. און אויך איך, וועלכען ער האָט געהאַלטען פאַר זיין פריינד, האָב עס קיינ־מאָל ניט געקענט געוואָהר ווערען, און ווען איך בין שוין יאָ גע־וואָהר געווארען פון דעם סוד — איז עס שוין טאַקע געווען צו שפּעט איהם צו העלפען.

איבער דער העלדישקייט פון י אָ נ אַ ש   ב אַ ט אַ נ י האָט מען דערצעהלט לעגענדען.

הויבען אָן די רוסען צו שיסען, שיסען זיי אָהן אַ שיעור. בום אַהין, בום אַהער, בום ביטאָג, בום ביינאַכט און די סאָלדאַטסקע שטימונג ווערט פאַרכמאַרעט פון דעם שטענדיגען קאַנאָנען־רויך. ווערט באַטאַני בייז, פאַררויכערט זיך די ליולקע, קריכט אַרויס פון

די גראָבענס און ווייזט די רוסען דעם אָחור... — און די פאַר־גאַפטע רוסען הערען אויף צו שיסען.

ער איז געווען אַ כוואַטסקער אינגעל, באַטאַני, און ער האָט ליב געהאַט זיך צו באַריהמען, אַז די קוילען האָבען מורא פאַר איהם און געהען אַוועק אין דער זייט פאַר גרויס דרך ארץ. אויך די סאָלדאַטען פלעגען גלויבען אין זיין כשוף. אַ מענש וואָס ס׳טשעפּעט זיך ניט צו איהם קיין קויל, כאָטש נעהם דער׳הרג׳ע איהם.

איינמאָל האָט ער מיט זיין שגעון טאַקע געראַטעוועט דאָס רעגימענט און אפשר טאַקע אַ גאַנצע אַרמיי.

עס איז געווען אין 1916, ווען ברוסילאָוו׳ס אַרמיי האָט צע־קלאַפּט די עסטרייכישע און צוטריבען זיי אין אַלע זייטען ווי דער־שראָקענע לעמער. אונזער רעגימענט האָט באַקומען דעם באַפעהל צו „דעקען דעם ריקצוג״, ד. ה. אויפצוהאַלטען דעם שונא ביז די אַרמיי וועט אַריבער אויפ׳ן אַנדערן ברעג פון דעם אָנגעשוואָלענעם טייך, פּרוט. האָט אָבער ברוסילאָוו נאָכגעשיקט קאָזאַקען מיט קליי־נע הארמאַטלעך, און דאָס וואַסער האָט אַוועקגעטראָגען די פּראָ־וויזאָרישע בריקען. אונזער לאַגע איז געוואָרען זעהר אַ קריטישע און יעדער האָט פאַרלאָרען דעם קאָפּ. יעדער, אָבער ניט באַטאַני.

מיט אַ מאַשין־געוועהר אויף די פּלייצעס האָט ער זיך אַרויפ־געדראַפּעט אויף אַ בערגעל און גענומען די קאָזאַקען צופּרעגלען ביז זיי האָבען געמוזט צוריקלויפען. און דענקענדיג, אַז זיי האָבען צו טאָן מיט אַן אַטאַקע פון אַ פרישער אַרמיי, זיינען זיי אַראָפּ פון די פערדלאַך און גענומען זיך איינגראָבען. נאָכדעם ווי אונזער רעגימענט האָט זיך אַריבערגעפּעקעלט אויפ׳ן אַנדערען ברעג, האָט זיך באַטאַני אַ הייב געטאָן, אַרויסגעשטעלט די רוסען אַ פייג און אַריבערגעשוואומען דעם אָנגעשוואָלענעם בויך פון דעם פּרוט.

און פונדעסטוועגען האָט מען איהם ניט געמאַכט פאַר אָפי־ציער. ער איז געווען באַהאַנגען מיט מעדאַלען ווי אַ יובעליר־געי־

שעפּט, אָבער אָפיציערסקע שליפען האָט ער ניט באקומען. פאר־וואָס? — האָב איך זיך געוואונדערט.

אָט ווי אזוי איך בין עם געוואָהר געוואָרען.

ג.

עס איז געווען אין אויגוסט, 1917. זיין הויכקייט דער ערץ־הערצאָג, אזוי און אזוי, האָט גראד דעם טאָג געפּראַוועט זיין „נאָמענס־טאָג”. האָט דער עסטרייכישער גענעראַל־שטאַב באַשלאָסען איהם צו מאַכען א געשענק פון דער שטאָדט טשערנאָוויץ. האָט אָבער קערענסקי, דער עקשן, ווי אויף צו להכעיס, אפּנים, געוואָלט פאַרדאַרבען דעם ערץ־הערצאָג די שמחה, און האָט באַפוילען צו האַלטען טשערנאָוויץ מיט אַלע כחות.

זיינען טאַקע אונזערע גענעראַל־שטאַבלער געוואָרען נישקשה'־דיג אין כעס און געשיקט איין ארמיי נאָך דער אנדערער צו נעה־מען טשערנאָוויץ. די דיוויזיעס זיינען אָבער צוטאָפּיעט געוואָרען ווי שניי אין דעם ענגלישען אַרטילעריע־פייער, וואָס איז געשטאַנען אויף די בערגלאַך ארום טשערנאָוויץ. דער זייגער האָט זיך גע־רוקט פון שעה צו שעה און טשערנאָוויץ איז נאָך אַלץ געווען רו־סיש־רומעניש. האָט מען געגעבען א באַפעהל צו שיקען דעם „הונ־דערט־איינעם”, כדי צו מאַכען א שטורם אויף די בערגלאַך. זיינען מיר געלאָפען פון אן אנדער פּאָזיציע, א פּאָר מייל ווייט, די צונגען ארויסגעשטעקט, פאַרדושעט און פארסאָפּעט, ווי פאַ'סם'טע מייז, באַדעקט מיט א ווייסען טומאַן פון שטויב, ווי מיט תכריכים...

„בעקעש טשאָבא דיערעקע”*) האָט דורכגעיאָגט איינער פון גענעראַל שטאַב אויף א טאַנצענדיג פערדעל; לויפט, ראַטעוועט! אונזער לעצטער רעזערוו האַלט ביים צופאַלען!”

האָבען מיר נאָך מעהר געיאָגט זיך, געפאַלען, אויפגעשטאַנען און ווייטער געלאָפען.

---

*) בעקעש טשאָבא קינדער — דאָס רעגימענט איז אין פרידען געשטאַנען אין בעקעש טשאבא, אַ שטאָדט אין אונגאַרן.

האָבען אונז פּלוצים די ענגלענדער דערזעהן מיט זייערע שפּאַקטיוועז און אונז מקבל־פּנים געווען מיט גיפט־באָמבעס.

קול, קול — עס רייסט אוים שטיקער פון אונזער רעגימענט, עס הויבען אָן רינען רויטע ריטשקעלאך, ווי אָנגעשוואָלענע אָדערן. מען פאַלט, מען קאַטשעט זיך, מען פּרעגעלט זיך אין דזשאַהן בול׳ס קיך.

מען מוז זיך באַהאַלטען אין די גריבער ביים וועג. ליגען מיר מיט׳ן פּנים איינגעגראָבען אין גראָז און כאַפּען מוראַשקעס; און די ענגלענדער האַלטען אין איין שיסען.

געפעלט עס אונזער רב יאָנאַש באַטאַני זיך אויפצו־שטעלען מיט זיין גאַנצער ריעזען־פיגור און ארויסשטעלען די ענג־לענדער א פייג. פאַרשטעהען אָבער די טרוקענע ענגלענדער ניט קיין וויץ און שיסען מיט נאָך מעהר כעס.

ווער איך טאָקע בייז און גיב איהם א קניפּ אין דער גראָבער ליטקע: — „א, דו נארישער אָפיציערס־אַספּיראַנט״! — פאַלט ער אַנידער לעבען מיר, ווי געביסען פון א גיפטיגער שלאַנג און העלפט מיר צוקוועטשען מוראַשקעס.

איך זעה, ער איז שטאַרק באַליידיגט, די נאָזלעכער באַוועגען זיך ווי ביי א גזלן, ער סאָפּעט שווער. נאָך א ווײַלע, וואָרטשעט עס פון איהם ארוים ווי פּאַרע פון א פולען קעסעל.

— פונדעסטוועגען דאַרפט איהר מיר ניט קיבעצען, דאָקטאָר! איך בין געווען אָפיציער פריהער פאַר אייך.

בויער איך איין א קוק אין זיין רויט פּנים און ווייז איהם מיינע איראָנישע ציין.

ווערט ער נאָך מעהר אין כעס.

— ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך דער איינציגער זון פון א רייכען אונגארישען גוטס־באַזיצער, האָט ער זיך גענומען אויספּיי־נען; מיין טאַטע איז אַן אויסגעדינטער גענעראַל, און מיין זיידע איז געווען קאַשוט לאַיאָש׳ס רעכטע האַנט אין דער אונגארישער

רעוואָלוציע, איידער קאיזער פראנץ יאָזעף האָט איהם פאַראור־טיילט צום טויט.

— אָבער דו?

— אויך איך בין מיט צעהן יאָהר צוריק געווען לייטענאַנט ביי די בודאפּעסטער הוזארען*), און ווען ניט דאָס אומגליק, וואָלט איך היינט דאָ קאָמאַנדירט, און איך וואָלט זיכער ניט צוגע־לאָזט, אַז די פאַרדאַמטע ענגלישע חזרים זאָלען פון אונזערע סאָלדאַטען מאַכען אַ גולאַש — האָט ער געשריען העכער פון די קאַנאָנען.

עס איז אינצווישען געוואָרען אַביסעל שטילער; דער ענגלישער וואולקאַן האָט זיך אָנגעהויבען צו באַרוהיגען. איך האָב מיך גענומען איבערבעטען דעם באַליידיגטען „מאַגנאַט".

— און דער אומגליק? — בין איך טאַקע געוואָרען נייגעריג.

ד.

— איך האָב געהאַט גליק ביי פרויען און פאַרמאָגט מעהר ליבעס ווי שכל, — האָט ער, אַן איבערגעבעטענער, שוין ווייטער דערצעהלט מיט הומאָר; — האָט אָבער דער רוח אָנגעטראָגען אַ גרעפישען אָבערלייטענאַנט אין אונזער גארניזאָן און דער גראַף האָט מיטגעבראַכט אַ גרעפין, אַ יונג, חנ'עוודיג ווייבעלע, ערשט נאָר וואָס נאָך דער חתונה.

— פאַרשטעהט זיך, אַז זי איז מיר געפעלען געוואָרען, און איך האָב באַשלאָסען צו פאַרזוכען דעם אָבערלייטענאַנט'ס שאַצערעל.

— האָבען מיר זיך טאַקע באַלד ליב באַקומען; איך, דער גרויסער רויטער לייטענאַנט, און זי, די צאַרטע שוואַרץ־חנ'עוודיגע

---

*) אָפיציער ביי די הוזארען האָט געקאָנט זיין נאָר אַ מאַגנאַטסקער בחור'ל.

קעצעלע מיט לאַכעדיגע חן־גריבעלאַך אין פּנימ'ל. מיר האָבען זיך געלעבט ווי אָדם מיט חוה'ן..

— דער גראַף האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט דערלעבט צו וויסען פון זיין געזונט און מיך איינגעלאַדען יעדען מאָל צו האַלטען זיין יונגער פרוי געזעלשאַפט.

— ער האָט כלומר'שט באַדאַרפט איינלאַדען מיך, דער נאַר!

— אָט אזוי האָט עס זיך געלעבט אַ פּאָר שעהנע וואָכען, ביז אויף איינמאָל האָט געפּלאַצט די באָמבע.

— איין מאָל איז דער גראַף צוריקגעקומען פון אַ קליינעם מאַנעווער אַ נאַכט פריהער ווי מיר האָבען איהם ערוואַרטעט צו קומען און האָט מיך געטראָפען בשעת מעשה אין אַן אומצווייידייטיגער פּאָזיציע אין זיין ווייב'ס בודואַר...

— דאָס האָט ער אפּנים ניט ערוואַרטעט און ער האָט מיך גענומען שמייסען אויפ'ן נאַקעטען לייב מיט זיין רייט־בייטש. דער פאַרדאַמטער נאַר! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען, אז ער וועט אַהיים־קומען אזוי פריה!

— איך בין ארויסגעשפּרונגען דורכ'ן פענסטער און געלאָפען דורך די גאַסען, אַ נאַקעטער, און דער פאַרפלוכטער פאַנטאָפעל־העלד האָט מיר נאַכגעיאָגט מיט דער בייטש.

— זי האָט געמוזט זיין זעהר שעהן, — האָט זיך ארייננגעמישט אַ שכן און זיך באַלעקט די לאַנגע וואָנצעס.

יאָנאַש באַטאַני האָט זיך אויסגעדרעהט, דערלאַנגט דעם חצוף אַ קאָפּ אין בויך אריין און ווייטער אָנגעהויבען דערצעהלען שטילער און פאַרזיכטיגער.

— דעם אַנדערן טאָג אין דער פריה, האָט מען מיך גערופען צום עהרען־געריכט פון'ם רעגימענט און מיר פאָרגעלייגט צוויי קשיות:

— ראשית, פאַרוואָס געהסטו צו אַ פרוי אָהן אַ רעוואָלווער? און שנית, האָסטו שוין יאָ ניט דערשאָסען דעם גראַף, טאָ פאַרוואָס נעהמסטו ד י ר ניט דאָס לעבען?

— און אזוי ווי איך בין געבליבען שולדיג א תשובה אויף די צוויי קשיות, האָט מען מיך ארויסגעטריבען פונ'ם רעגימענט. און ווי מיין טאטע האָט זיך דערוואוסט פון דער גרויסער בושה, וואָס איז געפאלען אויף זיין אריסטאָקראטישער פאמיליע, האָט ער מיך אויסגעמעקט פון זיין הארץ און וויל מיך ניט קענען, סיידען אפשר ווען איך וואָלט ווידער ווערען אָפיציער.

יאָנאָש באטאני האָט זיך פארטראכט און מיך פלוצים א פרעג געטאָן:

— אין ערנסט, ווי מיינט איהר, דאָקטאָר, אויב איך זאָל עראָבערען די ענגלישע הארמאטען, וועלען זיי מיך מאכען פאר אן אָפיציער?

## ה.

א צייכען צום שטורם!

מיר יאָגען ווי די שדים, מיר פליהען, קוים וואָס מיר באריהרען די ערד.

ווער מיר פייער, וואָס מיר קוילען, ווער מיר טויט, וואָס מיר לעבען! הוררא...*) דער ערצהערצאָג האָט זיין געבורטסטאָג!

— הוררא...

עס טראָגען זיך קולות, עס וואָיען קלאנגען; מאשינען־געוועהרען קנאקען, קוילען סווישצען, הארמאטען כאָרכלען, האנט־גראנאטען גראגערן, הוררא!

די רוחות פונ'ם „הונדערט איינעם" זיינען אריבער דעם בארג און פארלויפען שוין אויף דער צווייטער פאָזיציע.

עס הויבען זיך אָן שיטען כמארעם קאשקעטלאך, זיי באדעקען דאָס פעלד ווי מחנות וואָראָנעס. זיי טאנצען עפעס אזוי מאָדנע פון דערווייטענס, שפרינגען און קייקלען זיך און ווערען צוטריי־

*) „הוררא" איז געווען דער עסטרייכישער שטורם־געשריי, כדי זיך צו מאַכען מעהר האַרץ און איבערצושרעקען דעם שונא.

סעלט פון נייע מחנות צעהן־טויזענטער קאשקעטלאך. וואו מען קוקט זיך אום זעהט מען א ים מיט רוסישע קאשקעטען.

נאך א פאר „הורראָ'ס" און דער וועג פון טשערנאָוויץ איז פריי...

ג.

דער שטורם איז פאָראיבער. די קאַנאָנען זיינען פארשטומט געוואָרען. ניטאָ מעהר קיין „הורראַ'ס", נאָר קרעכצען, וויינען און פלוכען פון פארוואונדעטע און שטארבענדע לאָזען זיך הערען פון אַלע זייטען. איצט ערשט הויבט זיך אָן פאר מיר די שווערסטע ארבייט. איך שטעה אויפ'ן בארג, די ארבעל פארקאטשעט, באַגאָסען מיט בלוט און שוויים און פרואוו מיך אויס מיט'ן מלאך־המות, ווער עס איז שטארקער! אין דער זייט שטעהט דער רע־גימענט־גלח און בענשט די, וועלכע געהען אין הימעל אריין. ניט איין מאָל בין איך איהם מקנא. זיין מאכט איז שטארקער פון מיינער, און זיין אַלטמאָדישע, פארשימעלטע „וויסענשאפט" איז, טראָץ פון דעם מעדיצינישען פראָגרעס, פיל מאָל מעהר ניצליך ווי מיין מעדיצין.

די מעהרסטע פארוואונדעטע האָבען שאָס־וואונדען פון דער נאָהענט, און זיינען אזוי שטארק צוריסען, אז מען קען זיי ניט מעהר ראטעווען.

דער ערץ־הערצאָג וועט האָבען א גוטען „נאָמענסטאג". מען האָט זעלטען ביי א קאיזערליכער סעודה גענאָסען אזויפיל וויין וויפיל עס האָט זיך גענאָסען בלוט ביי דעם ערץ־הערצאָג'ס שמחה'לע.

מיינע סאניטארען ברענגען גאנצע קופעס בר־מנן'ס, וועלכע האָבען נאָך מיט א פאָר מינוט פריהער געלעבט. זיי קוקען מיט אָפענע גלעזערנע אויגען און זייערע פארקרימטע, אָפענע מיילער דריקען אויס שפּאָט און א מין שוידערליכען, מיאוס'ן סארקאזם פון לאבענדע מתים, וועלכע מען קען קיינמאָל ניט פארגעסען. א סך שטארבען אין מיינע הענט. איך רוף צו דעם גלח. איך דארף

איהם גיכער האָבען ווי מיינע אַסיסטענטען. ער בענשט אויך אידען, מאַכט איבער זיי אַ צלם און זאָגט מיט זיי ודוי. ער איז אַ גלח פאַר אַלע רעליגיאָנען אויפ׳ן שלאַכטפעלד.

---

מיין סאַניטעט־הונט*) קומט צושפּרינגען. ער ברענגט צוטראָגען צווישען די ציין אַ גאַנץ בינטעל מיט סאָלדאַטסקע היטלאַך. איך שיק אַרוים אַ פּאַטרול, ער זאָל נאָכגעהן דעם הונט און ברענגען די פאַרוואונדעטע, וועלכע דער הונט האָט געפונען צווישען די קוקורוזע־בייטען. דער הונט לאָזט אַראָפּ פּאַמעלאַך איין היטעל נאָך דעם אַנדערען; אָבער איין היטעל באַהאַלט ער צווישען די ציין און לאָזט עס פון קיינעם ניט אַוועקנעהמען. ער בייסט יעדען וואָס פּרואווט פון איהם דאָס היטעל מיט געוואַלט אַרויסרייסען.

איך טרייב דעם הונט, ער זאָל מיטגעהן מיט דעם פּאַטרול, אָבער ער וויל זיך ניט ריהרען פונ׳ם אָרט. איך ווער אין כעס און הויב איהם אָן צו קלאַפּען און צו שלאָגען, אָבער אַלצדינג איז אומזיסט. ער רוקט זיך צו נאָך נעהענטער, ער באַפּיהלט מיך, שטורכעט מיך מיט׳ן לאַפּקעלע און דרעהט מיט׳ן ווידעל. ער בעט מיך מיט די אויגען, ווי אַ מענש. ער וויינט און וואָיעט.

איך הויב אָן צו פאַרשטעהן. דער הונט מוז האָבען עפּעס אַ ספּעציעלע מיסיאָן פאַר מיינטוועגען און לאָז מיך פון איהם פיהרען.

דער הונט טאַנצט פאַר גדולה, וואָס איך האָב איהם פאַרשטאַנען און יאָגט פאָראויס באַרג־אַראָפּ. די קוקורוזע־פעלדער זיינען פול מיט פאַרוואונדעטע, וועלכע שרייען מען זאָל זיי העלפען, אָבער

---

*) עס זיינען געווען אין דער אַרמיי ספּעציעלע טריינירטע הינט, וואָס האָבען אויסגעזוכט פאַרוואַלגערטע און פאַרלוירענע, פאַרוואונדעטע און טויטע. זיי פלעגען צוריקברענגען זייערע היטלאַך אַלס צייכען, אַז זיי האָבען טאַקע געפונען אַזעלכע מענשען און דערנאָך צופיהרען צו דעם פּלאַץ וואו די פאַרוואונדעטע פלעגען ליגען.

דער הונט האַלט אַלץ אין איין לויפֿן. ענדליך איז ער שטעהן גע־בליבען. איך גיב א קוק... ניין, איך האָב קיין טעות ניט געהאַט.

לעבען אַ טויטען ענגלענדער ליגט אויסגעשטרעקט יאַנאַש באַ־טאַני — „פאר וועלכען די קוילען האָבען מורא געהאט”. זיין בויך איז אויפגעריסען. די געדערים וואַלגערען זיך אויסענווייניג, לעבען איהם.

יאַנאַש באַטאַני האָט ליב געהאט דעם הונט. ער פֿלעגט זיך מיט איהם שפּילען און פאר איהם אויסבעטלען די ביינער פון די קאָמפּאַני־קיכען, און אָט ווי דער געטרייער הונט האָט איהם אָפּ־געדינט.

**ז.**

איך האָב אַ נעהם געטאָן דעם שטאַרבענדען ביי דער האַנט. ער האָט אויפגעמאכט די אויגען. ער האָט מיך דערקענט.

— דאָקטאָר, ראַטעוועט מיך, — האָט ער געשעפּטשעט.

איך האָב אַרויסגענומען די שפּריץ און געפּרואווט איהם איינ־שפּריצען מאָרפֿין, כדי איהם צו פארשפּאָרען די טויט־שמערצען.

ער האָט מיר אוועקגעשטופּט די האַנט.

— ניט דאָס, דאָקטאָר, — האָט ער געכאָרכעלט — איך האָב אַ בויך־שאָס, איך האָב געזעהן מיינע געדערים אַרויסקריכען פֿונ'ם בויך, און אויב איהר וועט מיר דעם בויך ניט צונייען, אַזוי וועל איך שטאַרבען. און איך וויל לעבען, — האָט ער זיך געבעטען. — דאָקטאָר נייט צו דעם בויך! — האָט ער זיך איינגע־גראָבען מיט די נעגעל אין מיינע פֿינגער.

מיט'ן מלאך המות איז לעכערליך צו זיין סענטימענטאַל. איך האָב געזעהן אז איך קען איהם ניט מעהר העלפֿען און איך האָב געהאַט וויכטיגערע זאכען צו טאָן ווי צו באַוויינען אַ האַלב־טויטען. האָט מיך אָבער באַטאַני ניט אָפּגעלאָזט און געהאַלטען אין איין בעטען:

— דאָקטאָר, פארלאָזט מיך ניט — האָט ער זיך געצאַפּעלט.

— און ווער וועט מיר ברענגען ביינער? — האָט דער הונט געהאַווקעט, האַוו־האַוו...

איך האָב געוואָלט באַרוהיגען דעם שטאַרבענדען.

מיין סאַניטעט־אונטער־אָפיציער האָט מיר דערלאַנגט א נאָדעל־פאָדים. איך האָב געמאַכט א פּאָר שטעך אין דעם צורי־סענעם בויך פון אונזער העלד און געוואָלט אוועקגעהן.

דאָס יסורים׳דיגע פּנים פון יאַנאַש באַטאַני האָט אויפגע־שיינט מיט א נייער האָפנונג.

— איהר האָט מיר דאָס לעבען געראַטעוועט, — האָט ער מיר געקושט די הענט.

און נאָך איין בקשה — האָט ער זיך געבעטען — אין מיין בוזים־קעשענע ליגט א קאַרטעל מיט אַן אדרעס צו מיין פאָטער. שרייבט איהם, אז איך האָב עראָבערט א פּאָר ענגלישע האַר־מאַטען... אז איך וועל באַלד ווערען אָפיציער... איך וועל אַהיים קומען... אין דאָרף אריין... איך וועל זעהן די מאַמושקא, און דעם אַלטען גרויען טאַטושקא.. האָט ער פאַנטאַזירט.

איך האָב אפיר גענומען דאָס קאַרטעל און דאַרויף אָנגע־שריבען:

„זעהר געעהרטער הער, אייער זוהן איז געפאַלען ביים שטורם ווי א העלד. ער וועט באַגראָבען ווערען אין א מאַסענגרוב אויף א קוקורוזע־פעלד לעבען טשערנאָוויץ".

# הערשעלע דער „געפּרעיטער"

## א.

איך האָב איהם געפונען אין א גראָבען, מיין הערשעלע'ן.

ער איז געלעגען מיט א צושאָסענעם פוס און האָט אַזוי יאָמערליך געוויינט, אַז איך האָב ניט געהאט דאָס הארץ איהם איבערצולאָזען. איך האָב איהם געהייסען ארויפלייגען אויפ'ן סאניטאר וואָגען און איהם מיטגעפיהרט מיט אנדערע חולאים.

— הערשעלע, ווי קומסטו אהער?

— עט, א לאַנגע מעשה. — דער טאטע? — ער האָט איהם ניט געקענט. — די מאמע? — ער געדענקט זי, ווי דורך א חלום. די באבעשי איז געשטאָרבען מיט א יאָהר צוריק און איהם איבערגעלאָזט א צואה, ער זאָל נאָך איהר קדיש זאָגען. טאָ וואו האָט הערשעלע געזאָלט לערנען קדיש זאָגען? ביי איוואן דעם חזיר-שלעגער, אָדער סטעפּאנ'ען, דעם קאָוואל? האָט הערשעל געוויינט דריי מאָל אין טאָג: אָבער טרעהרען זיינען נאָך אלץ ניט קיין קדיש...

האָט הערשעלע געהערט שיסען, געזעהן ווי די רוסען אנט-לויפען, איז ער אויך געלאָפען. און געלאָפען איז ער אין שטאָדט אריין, וואו עס איז דאָ א מנין אידען, און א בית-המדרש, און א חדר, און וואו מען לערנט גאָט'ס תורה. אויף איינמאָל האָט ער דערפיהלט, אַז עס ווערט איהם ווארים און אַז ער קען ווייטער ניט געהן, און דער פוס איז געווארען פארלאָפען מיט בלוט און יסורים... אוי, אַזוי האָט איהם נאָך קיינמאָל ניט וועה געטאָן!

— עפּעס טרינקען? — אָהן א „שהכל"? און ווי טאָר מען מאכען א „שהכל" אָהן א היטעל?

מיר האָבען איהם אָנגעטאָן אַ סאָלדאַטסקע היטעל און הער־שעלע איז געוואָרען איינער פון אונז, אַ נײַן־יאָהריגער זעלנער; אוי, אויף פּאָניע'ן אזא יאָהר! ...

ב.

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען זיין ערשטען „קדיש".

עס איז געווען אין אַ קאַלטער אָסיען נאכט, באַנעצט מיט אַ דריבנעם, פוילען רעגענדעל וואָס איז געקראָכען אין די ביינער אריין. מיר זיינען געווען מיד פונ'ם לאַנגען מארש און מיר האָבען זיך געפרעהט מיט'ן אָפּרוה אויף דער נאסער, קאַלטער לאָנקע. די סאָלדאַטען האָבען אנגעצונדען פייערען און זיך צונויפגעשארט אין קופּקעלאך, כדי זיך צו ווארימען. זייערע פּנים'ער האָבען זיך אָנ־געצונדען מיט'ן שיין פון די רויטע פלאַמען. זייערע נאָזלעכער האָ־בען זיך צושפּארט, ווי ביי די ווילדע, און מיט גרוים תאוה האָבען זיי דערשמעקט דעם ריח פון געבראָטענע בולבעס. זיי האָבען זיך באַלעקט מיט די גראָבע צונגען ווי אויסגעהונגערטע וועלף.

אָבער הערשעלע האָט ניט געדענקט וועגען עסען, כאָטש זיינע געדערים זיינען געווען אויסגעטריקענט ווי אלטע סטרונעס.

ער איז געלעגען אָן אַ זייט, לעבען דער קראַנקען־אָפּטיילונג, און נאָכגעזאָגט נאָכ'ן אלטען אידישען סאַניטאר־קאָרפּאָראַל דעם ערשטען „קדיש".

— יתגדל ויתקדש שמי רבה — האָט אַ דין, איידעל קול'כעל נאָכגעהונקען דעם גראָבען באַס פונ'ם אַלטען בעל־תפלה. אבער דאָס דינינקע, צארטע קול'כעל האָט באַלד אָנגעהויבען וואקסען און האָט זיך צווונגען אין אַ „יהא שמי רבה", אז ס'האָט געהילכט און געשטורעמט אויף דער ברייטער אומעטיגער לאָנקע. די סאָלדאַטען האָבען געלאָזט פארברענען די קרומפּירען*) און די אָפּיציערען האָ־בען אוועקגעווארפען די האלב אויסגעליידיגטע קעלישקעס און גע־

*) דאָס איז אָן אונגאַריש־אידיש וואָרט פאר קארטאָפלעס.

לאָפּען הערען די אידישע „מאָליטווע". און די שכינה האָט גענו־
מען רוהען אויפ'ן בלאַסען אויסגעמוטשעטען פּנים'ל פונ'ם קליי־
נעם משורר, און די פאַרוואָלקענטע, פאַרטראַכטע נאכט האָט גע־
וואָרפען מיסטישע שאָטענס; און א בענקשאַפט האָט גענומען נאָ־
גען די הערצער און דערוועקען די פאַרשלאָפענע נשמות, אַז עס
האָט אַזש וועה געטאָן פאַר טרויער און אומעטיגקייט.

— דאמירן בעלמא ואמרו אָמן — די פלאַמען האָבען זיך צו־
פלאַקערט מיט טויזענט צונגען און די צוזשאַרעטע האַלעוועשקעס
האָבען געשפּריצט מיט פונקען־שטערענדלעך און געקנאַקט „אָמן".
די סאָלדאַטען האָבען זיך גע'צלמ'ט. „גאָספּאָדי פּאָמילוי" — האָ־
בען גענומען קניען די סלאָוואַקען און טרערען זיינען גערונען אויף
די פאַרהאַרטעוועטע פּנים'ער פון די אונגאַרישע פושא־קינדער.

אָט ווי אַזוי הערשעלע איז געוואָרען דאָס מוזיניקעל פונ'ם
רעגימענט, פאַר וועלכען יעדער וואָלט זיך געוועז געלאָזט אויס־
דלובען ביידע אויגען.

## ג.

שפּעטער איז הערשעלע געזונט געוואָרען און גענומען הינ־
קען אויפ'ן צושאָסענעם פיסעל פון איין שויץ־גראָבען צום אנדע־
רען. ער פלעגט פאַרשווינדען אויף גאַנצע טעג און צוריקקומען
באַלאָדען מיט געשאַנקען און פולע קעשענעס מיט געלט. ער האָט
צונויפגעלייגט א מטבע צו א מטבע און איז געוואַקסען אין
עשירות. און די באָבעשי האָט זיך געפרעהט אין גרוב: א וואויל
אייניקעל אויפגעכאָוועט, אָן אייניקעל, קיין עין הרע, וואָס
זאָגט קדיש, לייגט צונויף א גראָשען צו א גראָשען פאַר א מצבה
דער באָבען און דינט עהרליך דעם קיסר!

און הערשעלע'ס פּנים'ל איז געוואָרען פולער און רויטער, און
די פּיסקעלאַך מיט די חנ'עוודיגע גריבעלאַך האָבען געשיינט מיט
צופרידענקייט. דער קאָמענדאַנט האָט איהם געשענקט צוויי שטע־

רען און דאָס גאַנצע רעגימענט האָט אָנגעקוואָלען; הערשעלע, דער „געפּרעיטער" — האָט מען איהם צוגעשמייכעלט.

אָבער הערשעלע האָט טאַקע פאַרדינט זיינע שטערען. ער האָט געטריי געדינט דעם קיסר.

פלעגט ערגעץ־וואו זיך צופלאַקערען די שלאַכט, האָט הער־שעלע באלד פאַרוואָרפען די פעלד־פלאַש אויף די קליינע פּליי־צעלאַך און געטראָגען וואסער פאַר די דורשטיגע סאָלדאַטען. קוי־לען פלעגען פליהען רעכטס און לינקס, אבער הערשעלע האָט ניט אויפגעהערט צו פאָיען די דורשטיגע גאָרגעלס פון די קעמפער. און פלעגען זיי איהם דערזעהן, — די טעמפּע, טרויעריגע פּנים'ער — אזוי האָבען זיי פאַרגעסען די געפאַהר, פאַרגעסען ווייב און קינ־דער, פאַרגעסען דעם שונא... הערשעלע, הערשעלע איז דאָ! ... א לאַנג לעבען אויף דיין קעפּעלע, הערשעלע, זוהנדעלע טייערינקער! אָט אזוי זיינען פאַרגאַנגען זעקס חדשים.

## ד.

עס האָט זיך אָנגעהויבען א פאַרביסענער קאַמף, א שווערע שלאַכט ארום... א קופּע שטיינער.

האָבען זיךביידע צדדים איינגעשפּאַרט: ווילסטו יאָ, וויל איך דוקא ניט! זיינען געפאַלען מענשען ווי פליגען און ארום דער קופּע שטיינער האָבען אָנגעהויבען וואַקסען קופּעס מיט מענשליכע ביינער. דער הילפס־פּלאַץ איז געווען אָנגעפילט מיט האַלבע און פערטעל מענשען, מענשען אָהן צורות, שטיקער פלייש, ווי אויס־געטרייבערטע, געשאָכטענע רינדער, און אלץ פרישע קרבנות האָט מען געבראַכט צוטראָגען פון דער שעכט־יאַטקע. פרעמדע פיס לע־בען מענשען אָהן הענט; און אויגען, אויגען אָהן א קאָפּ, און קעפּ אָהן אויגען. האָבען מיר זיך פאַרקאַטשעט די אַרבעל און גע־פּרואווט צובינדען א פּאַלע צו א פּאָלע, אייגענס צו פרעמדס, טויט צו לעבעדיגעס. טאָ ווער דענקט עפּעס דאמאָלסט וועגען זייניגע, אָדער וועגען הערשלען? בפרט אז נאָך א ווײַלע, און מען הערט

„הורראַ" צום מזל; און... אַ פייג זיי, און די שונאים אויף צופוקעניש — אונזערע גבורים האָבען איינגענומען די קופּע שטיינער...

לויפען מיר פאַראויס—צו די גבורים, כדי צו דערכאַפּען דאָס חיות פון די מענשליכע פליגען וואס קאטשען זיך אין יסורים. אָט ליגט יאַנושקא באַגאָסען מיט בלוט. — וואָס פעלט דיר יאַנושקא? — אָבער ער שטופּט אָוועק מיין האַנט. ער וויל ניט מיין הילף. ער הויבט אויף זיין בלוטיגען פינגער און ווייזט: הערשעלע... הערשעלע? לויפט מען ווי אויף פליגעל זוכען הערשעלע'ן, און אָט ליגט ער, הערשעלע.

— ה ע ר ש ע ל ע, הערשעלע, מיינער!

ער ריהרט זיך ניט.

זיינע הענט האַלטען ארום דעם גרויען אידישען סאַניטאַר־קאָרפּאָראַל, זיין קדיש־מלמד. זיינע דערשראָקענע, ווייט אויפגעריסענע אויגען הענגען אויף'ן פאַרגליווערטען שמייכעל פון'ם גוטען אַלטיטשקען. איך רייס אויף זיינע קליידער. צו שפּעט! מיינע הענט טאַפּען אָן אַ קליין, אויפגעריסען הערצעלע, פון וועלכען עס רינט אַ ריטשקעלע רויטע בלוט, וואָס שווימט אַרונטער אויף'ן זאַמד, כדי זיך צו פאַרמישען מיט'ן שוואַרצען בלוט פון זיין טויטען פריינד וואָס איז צו איהם געווען אַ טאַטע. לעבען איהם ליגט אַ צושאָסענע פעלד־פלאַש, פון וועלכער עס רינט ריינע קוואַל־וואַסער...

דער קליינער „געפרעיטער" האָט אויף זיין שטייגער געהאָלפען איינגעהמען די קופּע שטיינער פאַר'ן קיסר. און וואָס איז אַ קליין אידיש הערצעלע אנטקעגען אַ קופּע שטיינער? ...

# נאַסטושא די עקשנ׳טע

### א.

זי איז געווען אי אַלט, אי מיאוס, אַן אַלטע גויה מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס, וועלכען זי האָט געטראָגען ווי אַ זאק מעהל אויף צוויי דאַרע שטעקלאַך מיט פאַרבויגענע פינגער. נ א ס ט ו ש א האָט זי געהייסען. איהר הויז איז געשטאַנען אונטער׳ן בארג וואו איך האָב געהאט מיין הילפס־פּלאַץ און וואנען איך האָב געהאט אַן איבערבליק אויף איהר גאַנצע ווירטשאַפט.

איך האָב זי קיינמאָל ניט געזעהן אָפּרוהען זיך, מיין שכנ׳טע. אַ גאַנצען טאָג איז זי געווען אין באַוועגונג, ווי אַן אומרוה. געאַרבייט אויפ׳ן גאָרטען, געגראָבען, פּאַראַקערט און פאַרזייהט, געפּאַשעט די קוה, געוואַשען דעם חזיר וואס איז געקראָכען אין דער באַיוראַ, אָדער געצוואָגען איהר אייניקעל, אַ קליינינקען שנצ׳ל וואָס האָט געהאט בלויע אויגען ווי דער הימעל און האָר ווייס ווי פּלאַקס־קלאָטשע. זי איז געווען, ווייזט אויס, איינזאַם און עלענד, אָבער זי האָט ניט געוואָלט ביי זיך קיין מענש. זי האָט פאַרטריבען אַ פרעמדען פון איהר פּאַדווירע. זי איז געווען אומפריינדליך ווי אַן אלטער בייזער הונט צוגעבונדען צו דער קייט. זי האָט געזשאַלעוועט אַ גוט־מאָרגען ווי אַ קוקורוזע פון איהר גאָרטען.

די סאָלדאַטען האָבען זי פיינט געהאט און פלעגען איהר אָפּטאָן שפּיצלאַך: אַ מאָל אויסגראָבען אַ יונג בולבעלע, אָדער אויסברעכען אַ קוקורוזע צום עסען. אָבער די אַלטע גויה פלעגט ניט שלאָפען, און האָט זי דערהערט אַ פרעמדען טריט, אָדער אַ קרעכץ פון צוטראָטענע בלעטלאַך, אַזוי פלעגט זי זיך אַ וואָרף

טאָן ווי אַ וואָלפּיכע און ארויסלאָזען קולות, גלייך ווי אימיצער וואָלט זי געוואָלט דערווערגען. די אנטלאָפענע סאָלדאטען האָט זי נאָכגעווארפען אַ בינטעל קללות און חרמות, און שעה'ן לאַנג האָט די לופט געציטערט פון איהר ליארם. פארשטעהט זיך, אז זי האָט פארטריבען דעם שלאָף פון מיינע אויגען מיט איהרע געשרייען.

אַמאָל האָב איך זי געלאָזט רופען.

— אַלטע מכשפה, הער אויף צו שילטען אונזערע סאָלדאטען און לאָז צורוה דעם קאַיזער, זאָג איך דיר, אויב דו ווילסט ניט אז מען זאָל דיך אויפהענגען!

זי איז געבליבען אַ צומישטע. אפנים, זי האָט זיך ניט גע־ריכט, אז אין אן אונגארישען רעגימענט פארשטעהט אימיצער איהר אוקראַיניש־רומענישען זשאַרגאָן.

— סאָלדאטען? סאָלדאטען זיינען דאָס? גנבים, ראַבושעס, ראַזבאָיניקעס זיינען זיי! אַזוי מיין פּראַצע פארניכטען, אַזוינע הולטאַיסקע, הינטישע זיהן...

— שאַ, הער אויף צו שילטען, אַלטע, אויב דיין לעבען איז דיר ליב! די קאָמאַנדע באַצאָהלט פאר יעדען שאָדען! פארגעס ניט, אז די סאָלדאטען גיבען אוועק זייערע לעבענס, און דו קענסט ניט באַשטעהן צו פארלירען אַ פּאר קאַרטאָפליעס? שעהם דיך, דו אַלטע קוה!

זי איז פארשטומט געווארען און איך האָב זי מעהר ניט געהערט שילטען.

אבער איהר שטילקייט איז געווען אן אויבערפלעכליכע. אין איהר בוזים האָט געזאָטען אַ רציחה און געפלאַקערט אַ שנאה. זי האָט מיך פיינט געהאַט ווי אַ שפין. זי האָט געשלאָגען איהר אייניקעל מכות־מות, ווייל זי האָט איהם געכאַפּט זיך פאר'גנב'ענען אויפ'ן הילפּס־פּלאַץ כדי צו כאַפּען שיריים פון מיין „מענאַזש“. און פלעג איך אַמאָל אריבערטרעטען איהר שוועל, אַזוי פלעג זי פאר'גנב'עטערהייט צלם'ן זיך, זאָגען דעם גויישען „עלינו“ און

אויסשפייען מיט'ן פולען מויל. זי איז געווען ווי א בייזע שלאנג וואָס טרינקט זיך אין איהר אייגענעם גיפט.

אבער א שכן איז פאָרט א שכן. בפרט אז עס טרעפט איינעם איין אומגליק נאָכ'ן אַנדערען. אויך נאַסטושאַ איז געווען אַ קרבן אויפ'ן מזבח פון קריגס־מולך.

ב.

דער זומער איז אוועק אין די ווארימע לענדער. עס האָט זיך אָנגעהויבען א נאַסער, א קאַלטער אָסיען מיט גרויע, בלייערנע נעפּלען. די מרה־שחורה האָט אָנגעהויבען ארומפליהען פון הויז צו הויז און פון מענש צו מענש. א נודנע פוסטקייט האָט זיך איינ־געגעסען אין הארץ און אין די געדערים. עס איז געווארען נמאס דאָס לעבען. אויך אויף דעם פראָנט האָט זיך געפיהלט די טעמפּע שטימונג. דער פיינט וואָס האָט פריהער רעספּעקטירט די ציווילע באַפעלקערונג האָט מיט אמאָל געענדערט די טאַקטיק און געשאָ־סען אויף אומשולדיגע „ניט־קאָמבאַטאַנטען". פילע פרויען און קינדער זיינען געפאלען. אויך נאַסטושא, פארשטעהט זיך, האָט דערפיהלט די נייע לאַגע. צום ערשטען האָט איהר קוה געקראָגען א „פולען טרעפער" אויף דער לאָנקע און האָט פארלייגט מיט'ן קאָפּ, די בהמה. נאַסטושא האָט ניט געשריען און ניט גע־שאָלטען, נאָר אויסגעגראָבען א ברייטען גרוב, כדי די בהמה זאָל ליגען באַקוועם, און אויף דעם קבר ארויפגעשטעלט א צלם, ווי עס פּאַסט פאַר א קריסטליכע קוה. אָבער דאָס איז געווען דער אָנהויב. מיט א פּאָר וואָכען שפּעטער האָט זי באַגראָבען איהר צווייטען קרבן. א פארבלאָנקעטע קויל, א פּוסט־און־פּאַסניצע, האָט א סווישטש געטאָן און א קליין הערצעלע האָט אויפגעהערט צו קלאַ־פּען טיק־טאַק. ניט געקומען מעהר נאָך שיריים דאָס קליינע שנצ'ל מיט די ווייסע, פלאַווע האָר. א צלם פון צוויי אויסגעדארטע צווייגעלאך איז אויסגעוואקסען לעבען דער קוה'ס קבר. א צלם צוקאָפּענס פון א קליינעם קעפּעלע, דעם קליינעם יתום'ל נעבאך!

ניטאָ מעהר קיין אייניקעל, ניטאָ ווער צו צוואָגן די הערעלאך, די טייערינקע!

זי האָט ניט פארגאָסן קיין טרערן, די באָבע, און ניט געשאָלטן, די אַלטיטשקע.

אין דער זעלער נאכט, א פינסטערע, אָהן שטערן, האָט איהר הויז אפגעברענט. א גראנאט האָט עקספּלאָדירט און א שווארצער ברייטבייכיגער רויך האָט זיך געראנגעלט מיט פלאמען פייער. ניט געווען קיין צייט צו ראטעווען און פון דעם הויז איז איבערגעבלי־בען א קופּע אש, פון וועלכען עס האָט ארויסגעשטעקט א צובראָכע־נער, אפגעשמאָליעטער קוימען ווי א צונג פון א פוסטען געלעכ־טער. נאסטושא האָט ניט געוויינט און ניט געשאָלטן. זי האָט זיך אריינגעצויגען אין שטאָל אריין און געוואוינט בשותפות מיט'ן חזיר. זי האָט זיך ניט געוויזען אויף דער גאס. וואָס טוט זי אין שטאָל? פון וואָס לעבט זי? קיינער האָט זי ניט געזעהן.

ג.

עס איז געווארען א ווינטער — א בייזער, א קאַלטער, אומ־באַרמהערציגער ווינטער. א פראָסט און א זאווערוכע האָבען געהוליעט און געסווישטשעט מיט כעס און מיט רוגזה. קופּעס שניי האָבען זיך געקאטשעט אין טאָל אריין און פארדעקט די וועלדער, די וועגען און די סטעזשקעס מיט א ווייסען ליילאך, ווי מיט תכריכים. נאָר א פּאָר קליינינקע, געקרייזעלטע וואָלקענדלאך פון רויך האָבען זיך אויסגעגראָבען פון דעם שניי און געקאָפּטשעט ווי אַוועקגעווארפענע ציגארען־רעטשלאך — דער איינציגער סימן, אז עס לעבען דאָרט מענשען. דער שניי האָט אויך פארשאָטען נאסטושא'ס פּאדווירע און פארדעקט דעם שטאָל. קיין רויך האָט מען ניט געזעהן אויף דער פּאדווירע. לעבט זי נאָך, די אַלטע גוי'ע? אפנים אזוי, אז ניט, ווער־זשע דען שארט עס אוועק דעם שניי פון די קברים יעדע נאכט? א מאָדנע באשעפעניש, די אַלטע! איך האָב באשלאָסען צו איהר אריבערצוגעהן.

—נאַסטושאַ, וואָס ליגסטו דאָ און פּילעווועסט דעם שניי, ער זאָל ניט אַנטלויפן? אַט, כ'לעבען, גײה בעסער אין אַן אַנדער דאָרף אַריין, וואו מען וועט דיר געבען צו עסען און וועסט האָ־בען אַ דאַך איבער'ן קאָפּ.

זי האָט זיך אַוועקגעדרעהט און מיר געוויזען דעם האָרב, ווי אײנער רעדט, „אַט רעד מיר צום דאַשעק". זי האָט אפילו ניט אויסגעשפּיגען, דאָס מאָל.

— אוי, נאַסטושאַ, דו אַלטע, נאַר, וואָס דו ביסט!

ד.

עס איז געווען ניטל (קריסטמאַס). פון דערווייטענס האָבען זיך געטראָגען דערשטיקטע האַלב־לויטע קלאַנגען, ווי דאָס כליפּען פון קינדער, — אַ טרויעריגער מאָנאָטאָנער נגון פון דער רומענישער קאַליענדאַ. דער פײנט האָט ניט געשאָסען, כדי ניט איבערצושרע־קען דעם גוי'אישען גאָט. אין דרויסען האָבען געסקריפּעט פּראָ־וויאַנט־וועגען און די קאָפּיטעס פון די קלײנינקע אַמוניציע־פערד־לאַך האָבען געקלונגען אויף די פאַרפראָרענע גרודעס פון דעם וועג ווי טויטען־גלאָקען. מיר זײנען געזעסען אין וואַרימען הילפּס־פּלאַץ, — אַ פּאָר אָפיציערען, — און געשפּילט אין קאָרטען.

— אונטער, אויבער, צעהנער, קעניג, ווער האָט די טויז?

אויף אײנמאָל איז די טיר אויפגעשפּרונגען מיט אַ זאַמאַך. אַ קאַלטער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן. ער האָט שיער ניט פאַר־לאָשען דעם לאָמפּ.

— נאַסטושאַ? אָט, אַ גאַסט צו אונז! וואָס־זשע, ביסטו שוין געקומען צום שכל, דו אַלטע?

זי האָט פאַרקרימט דעם האָרבאַטען רוקען ווי אַ קאַץ, ווען זי דערזעהט אַ הונט. פון איהר דאַרען ברוסט־קאַסטען איז אַרויס אַן אײנגעקלעמפּטער פאַרצווייפלונגס־געשריי:

— וואָס ווילסטו פון מיר, פּאַנע אָפיציער?

— וואָס וויל איך פון דיר, משוגע'נע!

— איך בין אַ קריסטאַליכע טאָכטער, האָט רחמנות אויף אַ קריסטאַליכער טאָכטער, — האָט זי אָנגעהויבן צו זינגען אין אַ צאינה־וראינה נגון. — יעזוס, יעזושושענקאָ, הארציגער פּאָטער... אויפגעהאנגען האָבען זיי דיך, די זשידעס; טשוועקעס האָבען זיי אריינגעשלאָגען אין דיינע געטליכע פיס; פאַר׳סמ׳ט דיין זיס בלוט; גע׳הרג׳עט דיך אומזיסט... די פאַרשיווע זשידעס — האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט די נעגעל פון אַ רויב־פויגעל.

מיין דינער איז צוגעשפּרונגען און איהר אויסגעדרעהט די הענט; איהרע ביינער האָבען גענומען קנאַקען ווי אַלטע שפּענער.

— בארוהיג דיך, נאַסטושאַ! איך האָב אוועקגעשטופּט דעם דינער און איהר צוגעשטעלט אַ בענקעל: זעץ דיך, און לאָז צורוה דיין יעזוס׳ען. אָט זאָג מיר בעסער, וואָס האָט דיך אהער געבראַכט, אַלטע?

איך האָב זי באַטראַכט. אַ שרעקליכע צורה, אַ סקעלעט אָהן פליייש און אָהן אַ טראָפּען בלוט. אַ דינע, צוקנייטשטע, געלע הויט; האַלב־נאַקעט און צוגעדעקט מיט אַן אַלטען מיליטער־מאַנטעל פול מיט לעכער.

— אדרבא, זאָג מיר, וואָס קען איך טאָן פאַר דיר, אַלטע?

איהר האַרץ האָט אויפגעטייעט ווי אַ קופּע שניי און קליינע ריטשקעלאך טרעהרען האָבען אָנגעהויבען קאַפּען פון איהרע אויגען; איהר קערפּער האָט זיך געטרייסעלט ווי אין קאָנוואולסיעס; זי איז שיער ניט דערשטיקט געוואָרען פון דער אינערליכער עקספּלאָזיע; זי האָט ניט געקאָנט קיין וואָרט ארויסברייגנען. איך האָב איהר צוגערוקט אַ גלאָז טהעע און זי בארוהיגט אַזוי ווייט ווי איך האָב געקאָנט.

— וואָס איך וויל? — וואָס איך וויל? — האָט זי זיך אָנגעהויבען דערמאָנען; און פּאַוואָלינקע האָט איהר כעס ווידער איבערגענומען די ממשלה איבער איהר. — איך וויל מיין פראַצע, מיין שווערע האָרעוואַניע וויל איך — האָט זי זיך

אַנגעהויבען צו באַכען מיט די פויסטען אויף די דאַרע ברוסטען, ווי אין אַ הוילען קעסטעל...

— אַ גאַנצען לעבען האָב איך געהאָרעוועט און געהונגערט, ניט פאַרגונען זיך די נשמה, געפּראַצעוועט טאָג און נאַכט, כדי אויף די אַלטע יאָהרען זאָל איך האָבען מיין אייגענע פּאַדווירע, מיין אייגען מיסט. יעדע זשמענע ערד איז פאַרגאָסען מיט מיין בלוט; געבאָדען אין שווייס אַ יעדע בולבעלע, און געטוליעט צום האַרצען אַ יעדע גראַזעלע. ניט געשלאָפען נעכט און געהיט די פאַדווירע ווי אַ הונט; ניט גערוהט ווי אַ סאָבאַקע; און איצט... און איצט...

— וואָס ווילסטו פון מיר, פאַניע אָפּיציער? וואָס ווילט איהר פון מיר, די בידנענקע? — האָט זי געקלאַפּט אויפ'ן טיש.

— וואָס וויל איך?...

— איהר האָט געצאַפּט מיין בלוט, גלייך ווי דאָס וואָלט ניט געווען קיין קריסטליך בלוט, כשר קריסטליך בלוט... איהר האָט פאַר'כשופ'ט מיין אייניקעל, דעם יתומ'ל; איהר האָט פאַרברענט מיין הויז; דער'הרג'עט מיין כוראָבע... אָה, יעזוס, יעזוס'ל טייערינקער... איך בין אַ קריסטליכע טאָכטער, האָט רחמנות אויף אַ קריסטליכע טאָכטער, — האָט זי אַפּעלירט צו די אָפּיציערען, וועלכע זיינען געזעסען מיט אָפּענע מיילער, ניט פאַרשטעהענדיג אַ וואָרט פון איהר לשון, — העלפט מיר, לאָזט איהם ניט קוילען מיך...

— ווער?? וואָס??

— ווער? איהר, די זשידעס! — האָט זי מיר אַ וואָרף געטאָן אין פּנים אַ צוקנייטשטען צעטעל פון דער קאָמאַנדע — אַ באַפעהל, אַז מען זאָל זי אָפּפיהרען אין אַן אַנדער דאָרף.

— הם? אייגענטליך — האָב איך געפּרואווט איהר איבערשלאָגען — איז דאָס טאַקע דאָס בעסטע פאַר דיר.

— זייט מיר מוחל, פאַניע, צאָרנט ניט, האָט רחמנות אויף אַן אַלטער גויה, וואָס ווייסט ניט ווי צו ריידען צו פּאַנעס, —

שלאָגט מיך ווי אַ הונט, קאָפּעט מיך, שיסט מיך, הענגט מיך, אַבי לאָזט מיך ליגען אויף מיין פּאַדווירע... לעבען די גריבער פון מיינע טייערינקע צוויי כודאָבעלאַך. טוט עס צוליב מיין אייניקעל, דעם שעפּעלע, דעם קליינינקען, וועלכען איהר האָט פאַר׳כשופ׳ט...

זי איז מיר געפאַלען צו די פיס, זי האָט געקושט מיינע שטיוועל:

— האָט רחמנות, האָט רחמנות אויף אַן אַלטער קריסטליכער טאָכטער!

הא... מילא... איך האָב גענומען דעם פעלד־טעלעפאָן און אָפּגערופען דעם רעגימענט־אַדיוטאַנט.

— ס׳איז אַן עולה, אָבער ווי דו ווילסט; געה, פּגר אויף דער פּאַדווירע! קיינער וועט דיך מעהר ניט טשעפּען!

די טהיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן. זי איז פאַרשוואונדען.

— איך האָב די טויז, — האָט קאַפּיטאַן מעבעל טריאומפירט. דער קאָן איז מיינער.

ה.

ס׳איז געווען מיט אַ פּאָר וואָכען שפּעטער. ס׳האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביטערע שלאַכטען, און איך האָב פאַרגעסען די אַלטע שכנה׳טע. קיינער האָט זי מעהר ניט געזעהן. איינמאָל, שפּעט אין דער נאַכט, האָט מיך מיין דינער אויפגעוועקט:

— שטעהט אויף, הערר דאָקטאָר, איילט אייך.

— וואָס איז די איילעניש, פּאַלינקע; האָסט מורא, איך וועל, חלילה, דעם פרידען פאַרשפּעטיגען?

— לויפט הער דאָקטאָר!

לויף איך צו אַלדע גוטע יאָהר, ווי נאָך פּעטרושקע־וואַסער. אָט, ווי ליכטיג, גלייך ווי די זון וואָלט געשיינט אין מיטען נאַכט! איך דערזעה אַ פייער, אַ רויך — די סטאַדאָלע ברענט.

— און וואו איז נאַסטושאַ?

אָט ליגט זי, אַ פאַרברענטע. אין איהרע קראַמפּהאַפּט־פאַרבויגענע פינגער, ווי אין אַ קולאַק, האַלט זי דעם אָפּגע־סמאַלעטען עק פונ'ם חזיר.

— העי, באַמעס, פאַרוואָס האָט איהר ניט אַרויסגעראַטעוועט די גויה איידער זי איז פאַרברענט געוואָרען?

מיינע סאָלדאַטען דערצעהלען מיר:

ווי זיי האָבען דערזעהן די פלאַמען, זיינען זיי געלאָפען ראַטעווען די באַביצע; אָבער די אַלטע האָט זיך איינגעשפּאַרט: אָהן דעם חזיר וויל זי ניט אַרויסגעהן פונ'ם שטאַל. זי האָט זיך פאַרטיידיגט מיט אַלע איהרע כחות, און זי איז נאָך אַליין געווען אַ שטאַרקע, די אַלטע. האָבען זיי געפּרואווט באַוועגען דעם חזיר, איהם געשלאָגען, געשלעפּט, געצויגען ביי די לאַנגע אויערען און איהם געריסען ביי די חזיר־פּיסלאַך. אָבער אַ חזיר בלייבט אַ חזיר! און מיט אַ חזיר אַן עקשן איז נאָך קיינער ניט גוט אויסגעקומען.

אפנים די וואַרימקייט האָט איהם פאַליובעט; אָדער אפשר, אפשר, גאָר — און ווער פאַרשטעהט די נשמה פון אַ חזיר? — אפשר האָט אויך ער געפיהלט, אַז אָהן דער סטאַדאָלע און אָהן דער פּאָדווירע איז דאָס חזיר'שע לעבען גאָר קיין לעבען ניט, און האָט בעסער געוואָלט ליגען אין דער אייגענער ערד אַ טויטער, איידער צו לעבען אין דער פרעמד? אפשר? אפשר?...

איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער אַלטער באָביצע, פון וועלכער די נשמה האָט זיך פּאַוואָליע אַרויסגעשטופּט ווי שטרוי פון אַ צוריסענעם שטרוי־זאַק. זי האָט ניט געקענט מעהר ריידען; אָבער איהרע אויגען זיינען געווען אָפען און זיי האָבען געשאָלטען; געשאָלטען מיך, דעם אידען; דעם זשידאָווסקע פּאַן, וואָס האָט געקרייציגט איהר יעזוס'ן, פאַר'כשופ'ט איהר אייניקעל און דער'הרג'עט איהר כוראַבע.

איך האָב זי געהייסען באַגראָבען לעבען איהר אייניקעל מיט'ן חזיר־עק אין דער האַנט.

* * *

עס זיינען פארגאנגען א סך חדשים איידער איך בין ווידער געקומען אין דארף אריין. איך בין געגאנגען אנקוקען די באקאנטע מקומות. דער גארטען איז געווען אויסגעטאפטשעט און פאר־וואקסען מיט גראז — א הקדש פון אלערליי ווילדע קרייטעכצער. פון דער „פאדווירע" איז געבליבען א קופע מיסט. די דריי קברים זיינען געווען אויסגעטראטען און די צלמים אויסגעבראכען. איך האב מיך אנגעבויגען כדי צו פארריכטען די צלמים. די קראפעווע האט מיך אפגעבריהט און באדעקט מיינע הענט מט בלאזען.
נאסטושא'ס כעס האט געברענט אויך נאכ'ן טויט...

# די גאָלדענע

## א.

דאָס יאָהר 1916, אין אַן ארמיי־האָספיטאַל, אַ פּאָר מייל פון דער פראָנט צופוסענס פון אַ הויכען קאַרפּאַטען־באַרג. אַ גרויסער, הילצערנער באַראַק, פּאַרשאָטען מיט שניי, איז אָנגעפילט מיט פּאַרלעצטע, שווער־פאַרוואונדעטע, האַלב־טויטע, וואַרימע און קאַלטע מתים. ס'וואַלגערט זיך אַ קופּע מענשען־לייבער, פּאַרבונדען מיט פּאַרבלוטיגטע באַנדאַזשען און איינגעוויקעלט אין גראָבע לייליכער. זיי זיפצען, קרעכצען, יאָמערען, שילטען און קריצען מיט די ציינער — אָדער שוויַיגען מיט דער שטילקייט פון טויט. די לופט איז אַ געשטיקטע. זי איז אָנגעזאָפּט מיט מענשליכער צוגעפוילטקייט.

נאָר איינער קרעכצט ניט און שילט ניט. ער בעט ניט און צלם'ט זיך ניט, כאָטש אין זיין ברוסטקאַסטען סקריפּעט עס און ברומט עס ווי אין אַ צובראָכענעם שפּיעל־קעסטעל. ער האַלט דעם פּאַרבונדענעם קאָפּ איינגעבויערט אין דעם האַרטען שטרוי־זאַק און וויל קיינעם ניט אָנקוקען. ער זאָגט זיך אָפּ פון יעדער באַהאַנדלונג, כאָטש זיינע שעה'ן זיינען געצעהלטע. ער שוויַיגט האַרטנעקיג. זיינע שווערע אָטעם־האַמערס שלאָגען אומרעגעלמעסיג און אָהן ריטהם, ווי דער טיק־טאַק פון אַ זייגער, וועלכען מען האָט פּאַרגעסען אויפצוציהען. ער שוועבט צווישען טויט און לעבען און ביידע זיינען איהם ניט ניחא. אַ בליק אויפ'ן טאָוועלע צוקאָפּענס דערקלערט דעם רעטעניש. ער איז איינער פון די אומגליקליכע, וועלכע האָבען באַגאַנגען די טויט־זינד פון „זעלבסט־באַשעדיגונג“. ער האָט זיך מיט דער אייגענער האַנט פּאַרוואונדעט, און פּאַר אַזאַ

פדחנ׳ישע בריה איז אפילו דער טויט ניט קיין דערלייזונג. עס איז אוממעגליך צו לעבען און א שאנד צו שטארבען. מען שטארבט דעם מאראלישען טויט ביים לעבען — די שווערסטע שטראף, וואס די ארמיי־מאראל האט אויסגעמאסטען פאר דעם סארט „טחורים“, וואס ברייננען צו שאנד דעם רעגימענט און דערצו נאך אזא טאפפער רעגימענט! אפילו די פארוואונדעטע האבען אויף איהם געשפיגען און איהם פאראכטעט.

ב.

איך האב דעם „געפרעיטער“ נ א ד ז ש געקאנט פון פריהער. ער איז געווען אמאל איינער פון די אומדערשראקענסטע און טאפפערסטע מאדיארישע רוחות. עס האט זיך מיר עפעס ניט געוואלט גלויבען, אז דאס איז באמת דער זעלבער נאדזש. דורך די פאר טעג, וואס ער איז געלעגען אין שפיטאל, האב איך געפרואווט איבערבינדען זיינע וואונדען, אבער ער איז געלעגען ווי א קלאץ און זיך ניט געלאזט אנריהרען. ניין, אזוי פארהאלט זיך ניט קיין פדחן, וואס באשעדיגט זיין אייגענעם קערפער, כדי פטור צו ווערען פון דעם פראנט־גהינום! אבער, גנה טענה מיט אן עקשן... אז ער רעדט ניט. היינט אבער, האט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי ווען נאדזש האט אויף מיר געווארפען א בליק בגנבה — א בליק פול מיט טראץ, מיט מורא און מיט הילפלאזיגקייט, ווי דער קוק פון א קינד, וועלכען מען הערט ניט אויף צו שמייסען.

עס איז געווען אוונד־צייט, א צייט, וועלכע איז אזוי שווער פאר די, וואס זיינען באלאדען מיט קערפערליכע און גייסטיגע ליידען.

אין זאל האט געשפילט א וויסטע מוזיק. א פאר קראנקע, וואס האבען געהאלטען ביים בעסער ווערען, האבען געשנארכט מיט דער גאנצער קראפט פון צוריקגעוואונענעם געזונט, א פאר האבען גע׳גוסס׳ט און געכארכעלט, אנדערע האבען געשאלטען אין טאטען אריין די מאדאנא אויפ׳ן הויכען קול. אין דרויסען האט זיך

פאַרבענקט אַ צושפילטע האַרמאָניקע. עס האָט געהערשט אַ האַלבע טונקעלקייט, צעריסען פון דעם אויפבליצען פון שיינ־וואַרפערס און פונ׳ם פייער פון עקספלאָדירענדע גראַנאַטען.

איך האָב געענדיגט מיין אָוועגט־וויזיט און בין געבליבען שטעהן ביים בעט פון דעם פאַרשטויסענעם נאַדזש, וועלכען אפילו דער מלאך המות האָט, ווייזט אויס, פיינט געהאַט. אויב ניט נאָך וואָס לאָזט ער איהם זיך מוטשען אַזוי לאַנג?

איך האָב אָנגענומען זיין האַנט און מיין שטים איז געוועזן פול מיט סימפאַטיע:

— נאַדזש, פאַרוואָס ביסטו אַזאַ עקשן? דו ווילסט שטאַר־בען? מהיכא תיתא! אָבער האָסט דען גאָרניט קיין „זיי־געזונט" פאַר דיין ווייב און קינדער?

ער האָט געגעבען אַ ציטער. זיינע ליפען האָבען אָנגעהויבען זיך צו באַוועגען. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אויפ׳ן ברעטעל פון זיין בעט און איהם געלאָזט ריידען. און וואָס מעהר ער האָט מיר דערצעהלט, אַלץ מעהר האָב איך באַגריפען זיין שווערע קריוודע.

ג.

— מ׳זאָגט, אַז איך בין אַ פייגלינג,—האָט ער זיך געבייזערט — מען וואַרפט מיר פאָר, אַז איך האָב מורא, — האָט ער געקריצט מיט די ציין.—ניין, די נאַדזשעס האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט, וואָס ס׳הייסט שוואַכקייט. שוין אַלס קינד בין איך געוועזן אַ גבור.

— איך האָב, זייענדיג אַ צעהן־יעהריגער שגצ׳ל, צובראָכען אַ ריפ מיין לערער, קאַלמאַן הענזעל. קוים אַ פופצעהן יאָהריגער בחור׳ל, האָב איך דעם קאָוואַל אין אונזער דאָרף געמאַכט פלאַטשיג די נאָז, ווייל ער האָט געהאַט די חוצפה צו געבען אַ גלעט מיין שיקסעל. אפילו די זשאַנדאַרען האָבען פאַר מיר געציטערט און געמאַכט פליטה, ווען איך האָב מיך צעהוליעט אין שענק.

— ניין, איך בין ניט געוועזן קיין באַביצע; איך פאַרמאָג

דריי מעדאַלען און איך האָב ניט געוואָלט געהן אַהיים אויף אורלויב, איידער איך וועל קריגען די „גאָלדענע“ (דער העכסטער מעדאַל פאַר סאָלדאַטען).

— און וועגען דער גאָלדענער איז דאָס אַלצדינג געשעהן...

— עס איז געווען ביי דער לעצטער רוסישער אָפענסיווע אויפ׳ן באַרג „יאשעניצא“, מיט צוויי חדשים צוריק — האָט ער ווידער אָנגעהויבען, שוין פיעל געלאַסענער.

— דריי טעג האָבען זיי געהאַלטען אין איין שיסען, די רוסען, און אויפ׳ן פערטען טאָג איז זיי געלונגען צו פאַרטרייבען אונז פונ׳ם באַרג.

— נאַדזש, ברודער, האָב איך צו זיך געזאָגט, איצט איז די צייט צו קריגען די גאָלדענע, באַווייז דיין גבורה!

— דאָס זאָגענדיג, בין איך פאַרקראָכען אין אַ פוקס-לאָך*), וואו עס זיינען געלעגען אַ פּאָר מאַשינען-געוועהרען. מיין פּלאַן איז געווען אַ קלאָרער: איך האָב באַשלאָסען איבערצוואַרטען ביז עס וועט ווערען נאַכט און אין דער פינסטערניש אָפּירקריכען און פאַר דער העלער הויט זיי אַביסעלע צופּרעגלען, די מאָסקאַ-ליעס. אַה, ווי זיי וואָלטען געווען געלאָפּען, די פאַרווירטע רוסען! ווי פאַר׳סמ׳טע מייז וואָלטען זיי געווען אַרומגעשפּרונגען, ניט וויסענדיג וואָס עס טוט זיך מיט זיי...

— נאַ, דאָס איז שוין דוקא געווען אַ גוטער פּלאַן, — האָט זיך אַ שכן אריינגעמישט, — אַ פיעל בעסערער, איידער זיך צו שיסען אין קאָפּ אריין.

— עק פון אַ פערד! — איז נאַדזש אריין אין אַ מאַדיאַ-רישען כעס.

— אודאי אַ גוטער פּלאַן, אָבער אז מען האָט ניט קיין מזל,

---

*) „פוקס-לאָך“ איז געווען אַ געמויערטע גרוב אָדער קעלער, וואו מען האָט זיך געקענט שיצען אַנטקעגען לייכטערע און מיטעל-שווערע אַרטילעריע. עס האָט אָבער אויך געדראָהט אַ געפאַהר, ווייל דער ארויסגאַנג האָט געקענט פאַרשאָטען ווערען.

איז אויך אַ גוטער פּלאַן... — דאָ האָט נאַדזש ווידער אָנגעווענדעט איינעם פון די פּלוכען, וואָס זיינען דער געווירץ פון דעם מאַדיאַרישען פאַבריקאַ־לשון.

— אודאי אַ גוטער פּלאַן...

ד.

— איך בין געלעגען אין מיין באַהעלטעניש און געהערט ווי דער פיינד קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער און איך האָב געקוועטשט מיין מאַשינען־געוועהר פאַר פרייד. — הוררא, קאַמעראַד, — האָב איך געגלעט און גערעדט צום אייזערנעם רויר — העלף מיר און איך וועל אויך דיך אויסלייזען פון די רוסישע הענט, הוררא! — מיין האַרץ טאַנצט פאַר פרייד. איך פיהל די גאָלדענע אויף מיין ברוסט...

— איך ליג און וואַרט...

— אַפּנים אונזער אַרטילעריע האָט זיך אויפגעשטעלט אין די נייע שטעלונגען און געקנאַקט די רוסען. כאַ, כאַ, כאַ, ווי זיי האָבען זיך געדעקט, די בעסטיעס, געקייקעלט, געפאַלען, אויפגעהויבען זיך און ווידער געפאַלען. איך האָב מיך געהאַלטען ביי די זייטען פאַר לאַכען. אַ מפּלה אויף די חזרים. וואַרט, דאָס איז ערשט דער אָנהויב, האָב איך צוגערדיקט דעם געוועהר צו מיין ברוסט, ווי אַ געליבטע.

— אויף איינמאָל — בום, טראַך! טראַך!...

— איך כאַפּ מיך אויף און מאַך אויף די אויגען. פינסטער! פ־י־נ־ס־ט־ע־ר! איך צינד אָן אַ שוועבעלע. איינס, צוויי, פיער, אַלע פאַרלאָשען; איך האָב ניט מעהר.

— וואו בין איך ערגעץ?

— מיין קאָפּ קלאַפּט ווי אַ האַמער, מיינע געדאַנקען זיינען שאַרף ווי אַ מעסער. איך זוך, איך טאַפּ, איך קריך, איך קאַטשע מיך. איך הויב שוין אָן צו פאַרשטעהן.

— אַ גראַנאַט האָט פאַרשאָטען די שוועל פון דעם פוקס־לאָך.

— הייסט עס, לעבעדיג באגראבען!

— ניין, אוממעגליך, — האב איך זיך געטרייסט, — עס מוז זיך געפינען עפעס אן אויסוועג.

— דאס זאגענדיג, האב איך גענומען אויסגראבען זיך.

— איך האב געגראבען די ערד מיט די נעגעל; איך האב צעביסען די שטיינער מיט די ציין, איך האב צושלאגען פעלזען מיט'ן קאפ — אלץ אומזיסט.

— פון די פינגער שיילט זיך די הויט, פונ'ם פלייש רינט בלוט, איך באד מיך אין א קאלטען שוויים, אבער איך הער ניט אויף גראבען.

— איך ווייס ניט ווי לאנג איך האב געגראבען. אבער איך בין באלד מיעד געווארען. מיין פארצווייפלונג איז געוואקסען. איך בין געלעגען ווי פארגליווערט און זיך ניט געקענט א ריהר טאן.

— איך בין געלעגען ווי א בלינד פערד. פלוצלונג דערהער איך: „פליעסק! פליעסק!

— א, גאטעניו, האב איך זיך דערפרעהט, דערהערענדיג דעם קול. א נייע האפנונג איז אין מיר אריין און זי האט מיך אויפס'ניי אויפגעלעבט.

— איך האב מיך ווידער א ווארף געטאן צו דער ארבייט און פון מיינע אויערען געמאכט א רעשעטע, כדי אויפצוכאפען דעם קלענסטען שארך. איך האב געארבייט מיט אלע כחות. איך האב אויסגעטאן די שטיוועל, כדי צו העלפען גראבען מיט די פיס. אבער וואס מעהר איך האב געגראבען, אלץ מעהר וואסער איז אריינגערונען, און אין דעם טייך פון וואסער האט זיך געטרונקען מיין האפנונג...

ה.

— און נאך אמאל...

— אבער, הער דאקטאר, טייערער, זייט מיר מוחל, ס'איז מיר קאלט. איך שטארב פאר פראסט און קעלט.

— דו ביסט צופיל אויפגערעגט, נאַדזש, — האָב איך איהם געפּרואווט באַרוהיגען. — רוה דיך בעסער אויס. דאָס איבעריגע קענסטו מאָרגען דערצעהלען.

— ניין, לייגט ניט אָפּ אויף מאָרגען, — האָט ער פּראָטעסטירט. — מאָרגען וועל איך אַנקלאַפּען ביים הייליגען פּעטער, עס שאַדט ניט! אָט הערט מיך אויס, איידער עס איז צו שפּעט...

איך האָב איהם געהייסען צודעקען מיט צוויי וואָלענע דעקעס. דער קראַנקען־וועכטער האָט אַריינגערוקט אין אייוועלע אַ פּאָר פרישע שייטען האָלץ און אונזער קראַנקער האָט פאָרטגעזעצט זיין דערצעהלונג.

— איך בין געלעגען אויף די טרעפּ און זיך צוגעהערט ווי דאָס וואַסער קריכט אַלץ העכער און העכער.

— אויף איינמאָל: אוש! אוש! עפּעס ריהרט זיך, עפּעס שפּרינגט. די האָפנונג האָט ווידער דורכגעדרונגען מיינע גלידער און איך בין געוואָרען לעבעדיג.

— איך האָב אָנגעהויבען צו רופען, צו שרייען, צו פייפען, צו טשמאָקען און צו פּליעסקען פאַר גדולה.

— אוש! אוש!

— איך האָב אָנגעהויבען נאָכלויפען דעם שאָרך; מיינע חושים זיינען געווען אויפגעצויגען ווי סטרונעס. מיינע אויערען זיינען נאָכגעלאָפען נאָכ'ן געררויש, ווי די בינען נאָכ'ן האָניג. אָבער גאָה כאַפּ אַ ווינט. אוש דאָ, אוש דאָרט! שפּרינג אַהער, שפּרינג אַהין! אויף איינמאָל בין איך צוגעפאַלען צו אַ שטיין, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פונ'ם וואַסער און מיין האַנט האָט צוגעקוועטשט עפּעס אַ ווייכעס, עפּעס אַ לעבעדיגעס. אוש! אַ שצשור האָט מיר אַ ביס געגעבען אין דער האַנט.

— אַ שרעקליכער עקעל, אַ געפיהל פון פאַרלאָרענקייט, פון מוטלאָזיגקייט און פון... מורא. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען

זיך באַגעגענט מיט דער מורא! און די מורא האָט מיך באַוועל־טיגט. איך האָב געהאַט מורא...

ו.

— איך בין געלעגן אויף דער העכסטער טרעפּ און צוגעזעהן ווי דאָס וואַסער האַלט אין איין שטייגען און אין איין פּליעסקען.

— אוש! די שצשורעס זיינען געוואָרען מיינע שכנים, אויך זיי האָבען זיך געראַטעוועט פון׳ם וואַסער אויף דער העכסטער טרעפּ, וואָס איז נאָך געבליבען איבער׳ן וואַסער.

נאַדזש האָט זיך, דאָס דערצעהלענדיג, נאָך מעהר פאַרכמורעט און אויף זיין שטערען זיינען אַרויס גרויסע, קאַלטע שווייס־טראָפּען. איך האָב זיי איהם אָפּגעווישט, און ער האָט ווייטער גענומען דערצעהלען:

— איך בין געלעגן אויף דער אויבערשטער טרעפּ אַזוי ווי אַ טויטער, נאָר דער מוח האָט געאַרבייט ווי אַ מאַשין.

— איך האָב פאַרלאָרען דאָס געפיהל פון דורשט, פון הונגער, פון מיעדקייט, פון שלאָף־באַדערפניש; נאָר דער קאָפּ האָט ניט גערוהט.

— די שצשורעס האָבען אָפּנים מיך שוין געהאַלטען פאַר טויט און האָבען געמאַכט אַלע הכנות צו עסען מיין קערפּער. זיי האָבען מיך באַטאַפּט, געשמעקט, גלייך זיי וואָלטען זיך געוואָלט פאַרזיכערען צי איך בין שוין גענוג צוגעפוילט פאַר זייערטוועגען...

— עס האָט מיך געעקעלט. איך, אַ מענש, איך, נאַדזש דער גבור, זאָל זיין אַ מאָהלצייט פאַר אַזעלכע נבזה׳דיגע באַשעפענישען?

— גיב אַ ריהר, — האָב איך געבעטען מיין האַנט. — גיב אַ פּאַך, אַ פּאַטש אין דער לופטען, און זיי וועלען אַנטלויפען.

— דאָ האָט זיך מיין האַנט גענומען פּיסקעווען אויף מיר:

— אַ, קוקט איהם נאָר אָן, דעם פּרינץ מיינעם! דו מיינסט אודאי, אַז עס איז אויף דער ערד, וואו איך האָב פאַר דיר געהאָרעוועט און געראַנגעלט זיך? פאַרגעס, דו וועסט מעהר ניט דערלעבען די אַלטע, גוטע צייטען!

— האָב איך אָנגעהויבען בעטען רחמים ביי מיינע פיס: פיס מיינע, פיס טייערע, טוט מיר צוליב, טוט זיך אַ ריהר, גיט אַ שטויס און טרייבט אוועק די מייז.

— האָבען זיך די פיס צובייזערט אויף מיר:

— זעה נאָר, זעה, קוק איהם אָן, דעם אַלטען נאַר, איז דאָס קראַנק די האַנט צו טאָן, די מיוחסת׳טע? פון מיינטוועגען מעגען דיך די שצשורעס אויפפרעסען. מיר האָבען קיינמאָל ביי דיר ניט געהאַט קיין גוטע מינוט...

— אָט אזוי האָט יעדער אבר זיך מיט מיר אויסגע׳טענה׳ט. זיי האָבען זיך צובונטעוועט, די אברים — זיי האָבען מיך געהערט ווי די קאַץ, די אברים, מיינע...

— די מייז האָבען געטאַנצט: זיי האָבען אָנגעקוועלט — אַ שטאַרקער מענש געווען נאַדזש, אַ פיינער מענש, אַ גבור... דעם לעהרער צובראָכען די ריפּ; אַ ריפּ פאַר אַ ריפּ... אַ ביס אין דער ריפּ, אַ צופּ אין דער ברוסט, אַ ריס אין דער זייט! כי, כי, כי, לאַך, לאַך...

— אוש... פּלוצלונג זיינען די שטשורעס אוועקגעשפּרונגען.

— וואָס איז נייעס? פאַרטיג מיט דעם מאָהלצייט? אפּנים, זיי ווילען מיך באַהאַלטען אויף ווארימעס! מילא, זאָלען זיי טאָן וואָס זיי ווילען. אפילו דער עקעל איז פון מיר פאַרשוואונדען. אָבער אויך איך דערהער עפּעס:

אַ שאָרך, אַ קלאַפּ ווי פון אַ האַק, אָדער פון אַ ריסקאַל. קדשעק, קדשעק... מען גראָבט איבער מיין קאָפּ...

— זעהסטו, נו, זאָל זיין, וואָס עס וויל! איך ריהר מיך ניט; איך קאָן מיך ניט ריהרען.

ז.

— וואָס עס איז געשעהן, האָב איך ערשט שפּעטער זיך דערוואוסט, ווען איך בין געקומען צו זיך.

— אונזערע זיינען צוריקגעקומען, און נאָכדעם, ווי זיי האָבען צוריקגענומען דעם יאשצעניצא בארג, האָבען זיי אָנגעהויבען פאַרריכטען די שטעלונגען און אויפגראָבען דעם פוקס־לאָך. דאָ האָבען זיי מיך געפונען, מעהר טויט ווי לעבעדיג. זיי האָבען מיך אַוועקגעשיקט אין שפּיטאָל אריין, וואו איך בין געלעגען אַ פּאָר וואָכען, ביז מיינע וואונדען זיינען פאַרהיילט געוואָרען.

מיט דריי וואָכען צוריק האָב איך ווידער אָנגעהויבען צו טאָן דינסט; אָבער געזונט בין איך ניט געווען. מיינע צובונ־טעוועטע אברים האָבען פאַרלאָרען פאר מיר דעם רעספּעקט און יעדער איז געוואָרען זיין אייגענער סאַמאָוואָליעץ. איך האָב מיט זיי שווער געארבייט, און זיך געמוטשעט, אָבער איך האָב ניט אויפגעהערט צו טאָן מיינע פליכטען. לעצטענס האָט מען מיך געשיקט אויף פעלדוואַך. פּלוצלונג דערזעה איך פאר מיר אַ רוסישען פּאַטרול.

—אָט, נאָדזש ברודער, — זאָג איך צו מיר, — אָט האָסטו ווידער אַ געלעגענהייט צו קריגען די „גאָלדענע“. לאָז דיר די גוטע געלעגענהייט ניט אַנטלויפען.

— „שיסען!“ — קאָמאַנדיר איך צו מיין האַנט.

— זי ריהרט זיך ניט.

— „שיסען, איידער ער אַנטלויפט, דער פּאַטרול!“ — בעט איך זי, שטורך איך זי, בייס איך זי.

— זי ריהרט זיך ניט.

ביז אויף איינמאָל איז זי מיעד געוואָרען פון דעם קאַמף, זי האָט איבערגעדרעהט די ביקס און אויסגעשאָסען גלייך מיר אין קאָפּ אריין.

— די האַנט האָט גע׳הרג׳עט דעם קאָפּ...

— איצט וועט איהר פארשטעהן פארוואס איך לאז מיך ניט ראטעווען.

— א צאהן פאר א צאהן.

— די האנט האט גע'הרג'עט דעם קאפ. זאל דער קאפ טויטען די האנט, — האט ער פארענדיגט זיין ווידוי.

* * *

איך האב אפגעמעקט דעם פאלשען דיאגנאז פון דעם קראנקען־טאוועלע, וועלכע האט אזוי וויינעג געשטימט מיט דעם, וואס איך האב געהערט, און האב געזוכט א נאמען פאר דער מאדנער קראנקהייט.

דער קראנקער האט פארריסען די אויגען. די פארגליווערטע גרוזעם פונ'ם פנים האבען אויפגעטייעט. די פארשטיינערטע גריבער און פארשטארצטע קארצשעס פונ'ם שטערען האבען זיך אויסגעגלעט. זיינע אנגעשטרענגטע, אנגעצויגענע מוסקולען האבען אראפגעווארפען די שווערע משא פון עקשנות'דיגר פארביסענקייט. ער איז געווארען אלץ רוהיגער און פרידליכער... די האנט האט זיך איבערגעבעטען מיט'ן קאפ...

# ער איז געווען הונגעריג...

א.

אין א ווינטער־טאג, אין א הייל, וועלכער איז געווען אויסגעדלובעט אין די שטיינערנע ריפען פון א ריזען־בארג, ארום דעם טארטארען־פאס — מיין הילפס־פלאץ. דער דיענער ווארעמט דעם ווארמעס, וועלכען ער האט געבראכט פון דער שטאבס־קיך. מיר זעצען זיך צום טיש און מאכען זיך גרייט צום אינטערע־סאנטען אקט פון דעם פראנט־פראגראם — צום עסען. מיר מאכען א „שהכל" איבער'ן שליוואוויץ און פארבייסען מיט ברויט.

— אוי, וואס איז דאס? — ווערט מיין סאניטעטס־לייטענאנט בלייך ווי די וואנט. איך קוק איהם אן. זיינע הענט שפרינגען ארויף ווי אויף ספרוזשינעס. ער פרואווט עפעס זאגען, אבער מען הערט נאר זיינע ציינער קלאפען. ער רוקט זיך ארונטער אונטער'ן טאפטשאן. נאר די הענט שטעקען ארויס ווי האזענע אויערען.

איך שפיי אויס די מוצא און הויב די הענט.

— וואס? געפאנגען? א בליץ שיסט דורך מיין קאפ. מיין העלדישקייט אנטלויפט אין קנאפעל.

— איך... הילפס־פלאץ־קאמענדאנט... פון רעגימענט... אזוי און אזוי, — ציטערען מיינע פיס און „האבט־אכט" שטעלונג. איך סאלוטיר צום פענסטער.

ער ריהרט זיך נית, דער ספינקס, מיט די ברייטע מאנגאלישע שטשאקעס. זיין מויל איז אפען ווי א גרוב. ער רעדט נית. ער סלינעט און באלעקט זיך מיט דער גראבער צונג, גלייך מיר וואלטען געווען געבראטענע אינדיקעס.

— מילא! אַן אומגליק...

איך נעהם צונויף מיין ביסעל קוראַזש און גיב אַ שטופּ די טיר. אין דרויסען שטעהט אַ רוסישער סאָלדאַט. ער דערזעהט מיך. ער הויבט די הענט. מיר שטעהעןביידע מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי צום דוכנ'ען. איך וואַרט אויף „כהנים"... איך דערזעה, אַז דער סאָלדאַט טראָגט ניט קיין ביקס. אַ סאָלדאַט אָהן אַ ביקס?! איך לאָז אַראָפּ די הענט, אַ פאַרשעמטער. עס קיצעלט מיך צום לאַכען.

— דערשיסט די בעסטיע! — אַ קול פון אונטער דעם טאַפּטשאַן.

מיין לייטענאַנט קריכט אַפיר פונ'ם באַהעלטעניש און ציעלט אויפ'ן רוס. דער סאָלדאַט הערט איהם ניט. ער האָט צוגעקלעפּט דאָס פּנים צום פענסטער און — סלינעט. פון דער שויב רינט אַ ריטשקעלע מיט שפּייעכץ, ווי פון אַ טשערעפּאַכע.

— העי, מאַסקאַל! וואָס טוסטו דאָ? — גיב איך איהם אַ קאָפּ אין טריפה'נעם פּלייש.

ער קוקט זיך אום. מיין געבראָכענער רוסיש גיט איהם צו מעהר מוט. ער מאַכט אַ גרימאַסע.

— קושאַט — סלינעט ער אַרויס.

איך שטופּ איהם אַריין אין הילפס־פּלאַץ. ער וואַרפט זיך אויפ'ן טיש ווי אַ לייב. ער צערייסט דאָס ברויט ווי אַ וואָלף.

איך שענק איהם מיין וואַרמעס. ער עסט ניט, ער שלינגט!

איך נעהם צונויף אַלצדינג, וואָס מיר האָבען אָנגעגרייט אויפ'ן הילפס־פּלאַץ. ער רייסט מיר פון די הענט. זיין מויל מאָהלט ווי אַ מיהל. איך זיץ און וואונדער זיך. ווען וועט דער פּאַס אָהן אַ דנאָ ווערען פול? ניטאָ קיין האָפנונג. איך פאַרליר די געדולד. איך גיב איהם אַ פרעג:

— העי, פרעסער, פון וואַנען איז אַ פעטער?

ער האָט ניט קיין צייט צו ריידען. נאָר צווישען אַ קיי און אַ שלונג שפּייט ער אויס אַ פּאָר ווערטער.

## ב.

— ער איז א רוסישער געפאנגענער... אנטלאָפען פון'ם געפאנגענען־לאגער, פון מארמאראָש־סיגעט. געווען הונגעריג. די אויסטריאקעס האָבען ניט געגעבען „קושאט"...

— קושאט...

— יאָ, אָבער ווי האָט דיך דער רוח פארטראָגען אהער? דו מאָסקאָל!

— געלאָפען דורך די וועלדער. געשפרונגען איבער שנעע־בערג. זיך געקייקעלט דורך טאָלען. ניט געשלאָפען, ניט געגעסען, געזוכט „קושאט".

— דו בעסטיע! — האָט מיין לייטענאנט נאָך אלץ געהאלטען דעם רעוואָלווער, באַרייט צום שיסען. ער איז געווען פול מיט פחד, טאָמער וועט איהם דער הערר „קושאט" איינשלינגען אנשטאָט צימעס.

— דער רוס האָט אויפגעקליבען די ברעקלאך און אָפּגעלעקט דעם טיש. ער האָט ניט איבערגעלאָזען קיין שיריים פאר די מייזלאך.

— העי, רוס, — האָב איך געגעבען א פויק אויף זיין בויך, וואָס האָט אָנגעהויבען וואקסען ווי ביי א מעוברת'ע. — הער אויף פרעסען! געה צוריק פון וואנען דו ביסט געקומען, אָדער דו וועסט... — דאָ האָב איך געמאכט א קדמא־ואזלא אויפ'ן האלז.

— קושאט! ניטאָ קושאט! וויל ניט צוריקגעהן...

דער ארמיי־טעלעפאָן האָט א קלונג געטאָן:

— צי האָב איך געהערט וועגען א רוסישען געפאנגענעם. ער איז געמעלדעט געוואָרען אין דער געגענט.

— אָ, דעם „קושאט" מיינט איהר?

איך האָב דעם געפאנגענעם איבערגעשיקט מיט א פאטרול צום רעגימענט־קאָמאנדע. מיין סאניטעט־לייטענאנט איז געווען

קאָמאַנדאַנט פון׳ם פּאַטרול. ער האָט זיך ביי מיר געליהען דעם רעוואָלווער.

— מען קאָן ניט וויסען! צוויי רעוואָלווערס זיינען זיכערער ווי איינער...

## ג.

איך האָב דערפילט זיין לעצטען וואונש. איך בין ארומגעגאַנגען נאָך אַ נדבה און איך האָב צונויפגעשלעפּט פון טויט און פון לעבעדיג! אַ גאַנצען שינקען, אַ פּאָר טאַשמעס קאָלבאַסע און ברויט צום צוזעצט ווערען. זאָל ער זיך אָנעסען פאַר׳ן טויט! איך האָב געמאַכט אַ וועט.

איך האָב איהם אונטערזוכט צי ער איז געזונט צו שטאַרבען, און איך האָב געמאָלדען דעם אָבערסט, אַז ער איז הונגעריג. אויף אַ הונגעריגען וויל ער ניט שיסען — האָט דערקלערט דער אַלטער אבערסט. אָבער ער קען דאָס „געזינדעל“.

„זיי זיינען ניט הונגעריג, נאָר פרעסערס זיינען זיי“. זיי קאָנען אויפעסען אַ פערד מיט׳ן עק און זיך שלאָגען איבער די קאַפּיטעס, ווער עס זאָל פריהער איינשלינגען. אָבער גוט. זאָל זיין ווי איך וויל. ער וועט איהם לאָזען געמאַך, אַזוי לאַנג ווי דער זאַפּאַס וועט געדויערען. ער איז זיכער אַז דער רוס וועט אַלצדינג איינשלינגען אין פאַרלויף פון אַ מעת-לעת. נאַ, גוט! זאָל ער זיך פּאַשען!

איך האָב געבראַכט דעם טויטען-קאַנדידאַט דעם זשלובאַק.

— מאָסקאַל, ברודער, איצט איז עס ערנסט! דאָס מוז דיר קלעקען פאַר אַ וואָך צייט! אַ וואָך איז אַ וואָך. דערווייל — אפשר וועט זיך עפּעס ווייזען אַ מעגליכקייט דיך ארויסצושלעפּען פון׳ם זיכערען טויט! אפשר...

דער קאָלבאַס האָט זיך געראַנגעלט אין זיין גאָרגעל. די טאַשמע האָט געטאַנצט פאַר גדולה. די געפילטע קישקע האָט

זיך געשאָקעלט „יאָ". געפּועל'ט ביים מאָסקאַל. אַ ברירה האָט ער? ווער וויל דען ניט לעבען?

ד.

איך בין צו איהם אריבערגעגאַנגען אויף מאָרגען אין דער פריה. ער איז געזעסען און האָט געקייט. לעבען איהם האָט זיך געוואַלגערט אַ קופּע ביינער. ניט געבליבען קיין שטיקעל פליאַק אויף זיי. דער זעלנער, וואָס האָט איהם באַוואַכט, האָט זיך ענטשולדיגט: „דער געפאַנגענער האָט איהם ניט געלאָזט אויסקערען די שטוב". ער האָט אויפגעקליבען די ביינער. ער האָט זיי געגריזשעט מיט די ציין. ער האָט געגאָגט דעם מאַרך. ניט איבערגעלאָזט קיין ברעקעל. אַ שרעקליכע בריה!

* * *

ביים קאָמאַנדאַ:

— געוואונען, הערר אבערסט!

דער אבערסט האָט זיך געפּאַטשט אויפ'ן בייכעל.

— איאָ, פאַרלאָרען, הערר דאָקטאָר? אָ, איך קען די רוסען! האָב איך ניט אַלצדינג פאָראויס געזאָגט?

— און די עקזעקוציע, הערר אבערסט?

— אָ, דאָס איז שוין פאַרזאָרגט! האָסט ניט געלעזען דעם באַפעהל? איך האָב נאָך נעכטען באַשטימט די צייט פון דער עקזעקוציע פאַר היינט, נאָכמיטאָג. איך קען די רוסען, כאַ, כאַ,כאַ...

— קושאָט!

דער געפאַנגענער האָט זיך אָנגעגעסען מיט בליי.

# די דריי מוסקעטירען

א.

דריי זיינען זיי געווען. דריי חברים פון איין שטאָדט און פון איין רעגימענט. זיי האָבען זיך געהאַלטען אינאיינעם ווי הינדעלאך פון איין קוואָקע. „די דריי מוסקעטירען" האָט מען זיי גערופען.

דער עלטסטער פון זיי איז געווען לייטענאַנט פּ אַ ר ק אַ ש, אַ בחור אַ ליץ, אַ שטיפער און חוזק־מאַכער, מיט ספּרוזשינעס אין די ביינער און פעפער אויף דער צונג. זיין געגענזאַץ איז געווען לייטענאַנט ס א י ק א, אַ ברייט־ביינינגע קליינטשיגע באַשעפעניש, מיט גרויסע מעלאַנכאָלישע אויגען און מיט אַ מויל פון אַ פראָגע־צייכען; די „סאווע" האָט מען איהם גערופען. לייטענאַנט ל ע נ ד ז ש ע ל איז געווען דער דריטער חברה'ניק — אַ יונג שנצ'ל מיט גאָלדענע לאָקען און מיט אַ פּנים'ל פון אַ יונגער שיקסעל; פוטער און מילך, ממש פון אונטער דער מאַמעס פאַרטוך אַרויסגעקראָכען; אַ שטילער וואַסער, וואָס גראָבט טיעף. פאַרקאַש, סאיקא און לענדשעל — דריי זיינען זיי געוועזען; דריי — זיי זיינען ניט מעהר.

עס איז געווען אַ פאַרנאַכט — איך געדענק גלייך ווי עס וואָלט געווען היינט. מיר זיינען געלעגען אין אַ קוקורוזע פעלד אַלס דריטע „רעזערווע". שוין דריי טעג האָבען די רוסען געהאַלטען אין איין שטורמען אונזערע שטעלונגען און געשיקט צעהנדליגע קאַלאָנעס אין פייער אריין. דעם ערשטען טאָג איז זיי געלונגען אריינצודרינגען אין אונזערע ערשטע פּאָזיציעס; האָבען זיי אפּנים אָפּעטיט אויף מעהר. און כדי זיי זאָלען בלייבען

ביים אפעטיט, ליגען מיר אין רעזערוו און ווארטען ביז זיי וועלען פארשווענדען זייערע קרעפטען, איידער מיר וועלען מאכען א קעגען־אטאקע. דערווייל ליגט מען זיך באקוועמליך, מיט די בייכער ארויף. מען ווערט אנדרימעלט צוביסלאך, מ׳שפיעלט קארטען. מען טרינקט אביסעל משקה, אדער מען שמועסט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. דער קאמענדאנט קאמאנדעוועט ניט, דער פיינד ווייסט ניט פון זיין לעבען צו זאגען. אוי, רעזערוו־גן־עדן, ווי פלעגען מיר נאך דיר בענקען!

לעבען מיר זיינען געלעגען „די דריי מוסקעטירען“. מיר האבען אויסגעליידיגט דאס לעצטע ביסעל בראנפען, און לייטענאנט פארקאש האט פארענדיגט א פיקאנטע מעשה׳לע פון זיין לעצטען אורלויב. די שטימונג איז געווען א פרייליכע; אלע האבען זיך אמוזירט. נאר לייטענאנט סאיקא האט ניט „מיטגעהאלטען“. ער איז געלעגען פארכמארעט און פארטראכט מעהר ווי תמיד און ניט געגעבען א לאך א גאנצען נאכמיטאג. כאטש גיה קיצעל איהם.

— וואס פעהלט דיר, סאיקא, די שוויגער האט דיך פאר׳יתם׳ט?

— עט, נארישקייטען ליגען אייך אין קאפ, און מיר ווערט דאס הארץ צוטראסקעט, ווען איך דערמאן זיך, אז מארגען דארף איך גיהן אויף אורלויב און ברייננגען די גוטע בשורה מיין ארימער שוועסטער...

— א גאנץ יאהר האב איך מיך אויסגעהיט פון אורלויב, א גאנץ יאהר גענארט די שוועסטער... היינט איז דער יאהרצייט נאך מיין שוואגער... ווי די צייט פליהט! עס דאכט זיך מיר — גלייך עס וואלט געווען נעכטען.

— אדרבא, סאיקא, דערצעהל אונז וועגען דיין שוואגער׳ס טויט, — האבען מיר איהם אויפגעמונטערט, כדי איהם אפצושניידען די סענטימענטאלע פאלעס.

— איהר ווילט הערען? הם... עפעס ווילט זיך היינט ריידען

מעהר ווי תמיד, כאָטש איך ווייס אַז איהר ווילט אַ מעשה צום לאַכען, און מיין מעשה איז שוין גאָר נים צום לאַכען.

— אָהן הקדמות, סאיקאַ, — האָט זיך דער ליץ אריינגעמישט, — אויך אַנדערע קאַמעראַדען האָבען מעשיות.

ב.

מיר זיינען געלעגען אין רעזערוו אין אַ געדיכטען וואַלד אין דער בוקאָווינאַ, — האָט לייטענאַנט סאיקאַ אָנגעהויבען זיין „מעשה". — פינף נעכט האָבען מיר געהאַלטען אין איין קעמפען און אין איין מאַרשירען, און מיר האָבען זיך געפיהלט טויט־מיעד. די רוסען האָבען געזייהט מיט גראַנאַטען און געשפּריצט מיט שראַפּנעלס. אָבער ווען אַ גאַנצער רעגימענט ליגט צולייגט און שנאָרכט, האָבען גראַנאַטען פּונקט אַזאַ ווערדע ווי אַ קינדער־פּייפּעלע אויף אַ יריד. איבעריגענס האָבען די רוסען געשאָסען אָהן אַ ציעל, און ווער מאַכט זיך עפּעס פון אַזאַ שיסען? איך בין געלעגען לעבען מיין שוואָגער און זיך פאַרהערט ווער פון אונז קען בעסער כראָפּען. אויף איינמאָל האָב איך דערפיהלט זיין קאַלטע האַנט.

— שלאָפסט, ברודער? — האָט ער געציטערט ווי אין פיבער.

— דאָס ביסטו, לאַיאָש? — האָב איך מיך אָנגעהויבען אויסטשוכען פון דעם שלאָף.

— דעוי מלאך המות, — האָט איהם פּלוצים געכאַפּט אַ היסטעריע. — דער מלאך המות... — נעכטען אין חלום און היינט אויף דער ווירקליכקייט! — האָט ער פאַרצווייפעלט געשריען.

איך בין געווען אַזאַ חכם ווי איהר אַלע און האָב מיך אויסגעלאַכט פון אַזעלכע זאַבאַבאָנעס. אָבער מיין שמייכעל איז פאַרגליווערט געוואָרען אַזוי גיך ווי איך האָב נאָכגעפאָלגט מיין ברודער'ס פינגער.

אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסען. איך האָב געריבען

די אויגען און אויפגעריסען די אויגען־דעקלאך, אז עס האט אזש וועה געטאן. אבער ניין, דאס איז ניט קיין חלום! א שרעקליכע געשטאלט, אן איינגעהויקערטער סקעלעט מיט א לאנגער גרויער באָרד ביז צו די פיס. ער הויבט אויף די האנט און טייט מיט'ן פינגער... אויף מיין שוואגער טייט ער.

א שרעק האט מיך באפאלען. איך האב מיך קוים געהאלטען אויף די פיס.

— מלאך־המות, — האב איך מיך גענומען בעטען, — מלאך־המות, טייוועל אדער מלאך, אלצאיינס איז מיר. ניט פאר מיר בעט איך! אבער ער איז דער מאן פון מיין איינציגער שוועסטער און דער טאטע פון א קליין עופ'עלע, וועלכער ער האט נאך ניט זוכה געהאט צו זעהן. און אויב בלוט איז דיין וואונש, זאל איך זיין די כפרה פאר איהם. איך האב קיינעם ניט, נאר אן אלטע מאמע, וואס וועט זיך אויסוויינען איהרע בלינדע אויגען...

אבער ער ריהרט זיך ניט, דער מענשען־פרעסער, נאר זיין פינגער ווערט אלץ לענגער און שפּיציגער; ער בויערט א לאך אין מיין שוואגער'ס הארץ...

— און אויב ניט מיט גוטען, — שריי איך אויס, און וואַרף מיך מיט'ן באגנעט אויף דער בריאה, — טא קעמף מיט מ י ר, אויב דו ביסט אזא גבור!...

ווי לאנג איך האב אזוי ארומגעפאכטען מיט'ן באגנעט, ווייס איך ניט. אבער ווען מיינע אויפגעוועקטע קאמעראדען האבען מיך באוועלטיגט און ביי מיר ארויסגעריסען דעם מעסער, האב איך דערזעהן... אן אויסגעפוילטען פּיען, וועלכען איך האב צוהאקט אויף שטיקלאך.

— כא, כא, — האט דער לץ ארויסגעשאסען. — בראוואַ, סאיקא, בראוואַ! א מאדערנער דאן־קיכאט! דער'הרג'עט א פארפוילטע פּיען. איך האב ניט געוואוסט, אז דו האסט האלוצינאציעס, ברודער.

— האַלוצינאַציעס! — האָט ער אַ צובייזערטער צוריק־געוואָרפען. — האַלוצינאַציעס! אויך איך בין געווען אַזאַ קלוגער. איך האָב מיך געטאַפּט ביים קאָפּ צי איך האָב נאָך אַלע חושים. איך האָב מיך, אַ פאַרשעמטער, צוריק אַנידערגעלייגט לעבען מיין שוואָגער, וועלכען מיין שרעק האָט נאָך מעהר אויפ־געגרעגט און געפּרואווט איהם אויסריידען. איך האָב איהם דערצעהלט וועגען זיין דריי־חדשים׳דיגען זוהנדעל, וועלכען איך האָב געזעהן ביים לעצטען אורלויב, און צום טויזענטסטען מאָל האָב איך איבערגע׳חזר׳ט אַלע חכמות און וואונדערליכע מעשים פון דעם בן־יחיד׳ל. דאָס מאָל האָט דאָס מיך גאָרניט געלאַנג־ווייליגט. איך האָב געפיהלט אַז דאָס איז אַ באַלזאַם אויף זיין וואונדיג האַרץ.

— ער טשמאָקעט דאָס פינגערל, זאָגסטו?

— וואָס הייסט טשמאָקען! ממש ער עסט אויף די פינגער; ער כאַפּט אַריין די גאַנצע האַנט ווי אַ שלייען...

— ער ליגט אויפ׳ן בייכעלע, זאָגסטו?

— אויפ׳ן בייכעלע און אויף די פּלייצקעלאַך. אוי, דאָס איז שוין איינמאָל אַ יונגאַטש...

— ער שטעלט זיך שוין אויף, זאָגסטו?

— אַ קלייניגקייט, צי ער שטעלט זיך אויף! ער שטעהט אַ גאַנצען טאָג... און היינט־זשע ווען דו זעהסט ווי ער לויפט. ממש אַ בודאַפּעסטער עקספּרעס־צוג קאָן איהם ניט כאַפּען... ביז איך אַריין אין די שטיוועל פון זיין באַגייסטערונג...

ער האָט זיך באַרוהיגט. זיינע אויגען האָבען אויפגעלויכטען מיט דעם גלאַנץ פון פאָטערליכען שטאָלץ, זיין פאַנטאַזיע איז געלעגען אין די קינדערשע ווינדעלאַך. איך האָב מיך געפיהלט גליקלאַך און ווידער אָנגעהויבען דרעמלען!...

אויף איינמאָל — טראַך!... טראַך, טאַראַראַך!...

די רוסען האָבען אָנגעהויבען א מערדערישען און גוט־געצילטען „טראמעל־פייער". *) דער עולם איז ארוים פונ'ם שלאָף און זיך צולאָפען ווי איבערגעשראָקענע גענז. איך בין צוגעפאַלען צו אַן אויסגעהוילטען בוים און אהין מיטגעשלעפט מיין שוואָגער.

ג.

איך ווייס ניט ווי לאַנג דער „טראמעל־פייער" האָט גע־דויערט, — האָט לייטענאַנט סאיקא טרויעריג ווייטער דער־צעהלט, — מחמת דער רעש פון די עקספלאָזיעס, דער בת־קול פון דעם וואַלד און דער שטורם פון אָפּגעהאַקטע בוימער, וואָס זיינען געפלויגען אין דער לופטען ווי שפענער אין אַ טאָרטאַק, האָבען פארקלאַפּט דעם מוח און שטומפּיג געמאַכט דעם געפיהל פון צייט. איך בין געלעגען איינגעגראָבען אונטער'ן בוים ווי אַ וואָרים. נאָר ניט דענקען, נאָר ניט זעהן! די נשמה איז פארקראָכען אין אַ קליין גריבעלע אונטער די וואָרצלען פון דעם בוים — אונזער רעטער און באַשיצער.

אָבער אָט הערט זיך עפּעס אַ נייער קול; אַ פרעמדער טאָן פון אַ העלישען אָרקעסטער, און אַ רויך, אַ רויך וואָס פארשלאָגט דעם אָטעם! די אויגענדעקלאַך שפּרינגען אויף ווי אויף ספּרו־זשינעס. גרויסער גאָט! בראַנד־באָמבען! דער וואַלד ברענט. אַ טאַנץ פון ברענענדע צווייגען, אַ פּראָצעסיע פון פלאַמענדע בוימער מיט פייערדיגע צונגען. די שרפה קומט אַלץ נעהענטער. אַ שרעקליכער געשריי, אַ יאָמער, די וועלט געהט אונטער! צו־פּלאָשעטע פערד מיט אָפּגעסמאַליעטע גריוועס שמייסען מיט די ברענענדיגע עקען און קאַפען און בייסען. עס לויפען גאַנצע קופּעס סאָלדאַטען, אַ ווילדע טשערעדע פון אַנגעצונדענע לייבער, שטו־פּען זיי זיך, קעמפּען זיי, דראַפּען זיי זיך אויס די אויגען און

*) אויף אידיש: „פויקען־פייער" — דאָס גהינום פונ'ם מאָדערנעם קריעג. הונדערטער האַרמאַטען האַלטען פלעגען אין איין שפּייען מיט גראַנאַטען שעה'ן לאַנג, אָהן אַ הפסקה. אַ סך זיינען פון דעם מין „פויקען" משוגע געוואָרען.

צינדען אַן אַנדערע. און פון דער מאַסע רויך, פייער, מענשען, פערד און ביימער, שפרינגט אַרויס — ער! ער! איך האָב איהם דערקענט: דעם דאַרען סקעלעט מיט'ן טויטען־קעפעל און מיט דער לאַנגער באָרד. ניט מעהר איינגעהויקערט ווי אַ גרייז, נאָר שטאָלץ און אויסגעשטרעקט ווי אַ סאָסנע, שצירעט ער מיט די ציין אָהן יאַסלעס, און טייט... און טייט מיט אַ האַלאָוועשקע... אויף מיין שוואָגער טייט ער...

— ראַטעווע דיך, שוואָגער!

איך פרואוו איהם ריהרען פון דעם אָרט, אָבער ער ליגט ווי אַ נבלה און לאָזט זיך ניט ריהרען. פון זיינע ליפען לעז איך אָפּ אלץ דעמזעלבען נוסח:

—טשמאָקעט דאָס הענטעלע, זאָגסטו?

משוגע געוואָרען! מיין פארצווייפלונג וואַקסט, איך דערפיהל דעם הויך פון דעם פייער, דעם אָטעם פון דעם מלאך־המות. פייערדיגע שלענגעלאך דראַפּען זיך אויף מיינע פיס. פאַרברענט ווערען? איך דערפיהל, אַז איך וויל לעבען, ניין, איך מוז לעבען! אַ פאַרבאָרגענע קראַפט נעהמט איבער די קאָמאַנדע איבער מיין קערפּער און טרייבט מיך מיט אייזערנע ריטער. לויף איך, שפרינג איך איבער אומגעוואָרפענע קלעצער און איבער הויפענס מענשען, טויטע און לעבעדיגע. פלאַץ פאַר מיר! די ערד שפּילט באַל מיט מיינע פיס. איך לויף — אַ ברירה האָב איך?

דאָס איבעריגע ווייסט איהר דאָך אם בעסטען, דאָקטאָר. איהר האָט מיך אויף מאָרגען געפונען אין אַ גראַנאַטען־לאָך אַ האַלב־פאַרשיטען. איך דערמאָן זיך, ווי איהר האָט מיך גראַטולירט וואָס איך בין ניט אַרויסגעלאָפען פון דעם וואַלד ווי אַנדערע. מחמת די פאַרפלוכטע מאַסקאַליעס זיינען געשטאַנען ביים ברעג וואַלד און געשאָסען אויף יעדען, וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסראַטעווען פון דער שרפה. אָבער איך געדענק אויך אייער צוביי־זערען זיך ווען איך האָב געוואָלט לויפען זוכען מיין שוואָגער.

וואָס? — האָט איהר געשריען — ווילסט זוכען קוילען? דאָס גאַנצע רעגימענט איז פאַרברענט געוואָרען אויף קויל!

— פונדעסטוועגען, — האָב איך זיך אריינגעמישט, — איז דאָס געווען אַן עולה וואָס דו האָסט ניט געלאזט וויסען דיין שוועסטער. איך, אלס דאָקטאָר, האָב געהאַט דעם חוב איהר צו שרייבען.

— אפשר האָט איהר רעכט,—האָט ער געענטפערט,—אָבער דאָס איז מיין איינציגע שוועסטער, און צוברעכען איהר האַרץ האָב איך ניט געקאָנט און ניט געוואָלט. איך האָב נאָכגעקרימט מיין שוואָגער'ס שריפט און מיך אויסגעלערענט זיין סטיל. און ביז צום היינטיגען טאָג באַקומט מיין שוועסטער בריף פון „איהר מאַן" — בריף פון יענער וועלט...

— און איך זאָג דיר, דו סענטימענטאַלע וועטשערע, — האָט דער „לץ" ניט מעהר אויסגעהאַלטען, — אַז דיר פּאַסט גיכער אַ ווייבערישע קופּקע איידער אַ קאַיזערליכער היטעל. יעדער פון אונז פאַרשטעהט, אַז קריג איז ניט קיין בן־זכר און אַז אין אַ שלאַכט געהט מען ניט כאַפּען פליגען. היינט דו, מאָרגען איך, אַ סאָלדאַט מוז קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען אריין. די הויפּט־זאַך איז צו זיין לוסטיג און לעבעדיג און קיינעם ניט פאַר־דארבען די גוטע שטימונג. עט, סאַיקאַ, דו ביסט אַ שלים־מזל'ניק!

— טאַקע, זאָל לייטענאַנט לענדשעל עפּעס דערצעהלען. ער איז ערשט ניט לאַנג צוריקגעקומען פון אורלויב, — האָבען מיר זיך געאיינוגט.

ד.

— די מעשה פון פריינד סאַיקאַ, האָט לייטענאַנט לענדשעל אָנגעהויבען, — דערמאָנט מיך אָן אַ פּאַסירונג פון מיין לעצטען טאָג אורלויב, וועלכע — איך גלויב — וועט אויך זיין אַ מוסר פאַר איהם, ווי ווייניג מען דאַרף גלויבען אין באָבע־מעשיות, פון וועלכע ער מאַכט אַזאַ ווערזען.

עס איז געווען אין אַ קליין שטעדטעל הינטער׳ן פּראָנט, וואו עס איז מיר אויסגעקומען איבערצונעכטיגען, מחמת דער צוג האָט ניט געהאַט קיין „אנשלוס" ביז אויף מאָרגען. דאָס שטעדטעל איז געווען גרויס ווי אַ גענעץ און דער הימעל פאַרשטעקט מיט שמאַטעס. פינסטער, אָהן אַ לאַמטערן אויף די גאַסען, און אַ בלאָטע ביז איבער די כאָליאַוועס. — אין אַזאַ גאַסט־פריינדליכען שטעדטעל איז דער ערגסטער האָטעל אַ גן־עדן און בפרט אַז עס דרעהט זיך ארום אַ שעהנע ציגיינערטע וואס דינט אלס „קאַסי־רערין" בייטאָג און אלס ווענוס ביינאַכט. פאַרשטעהט זיך, אז איך האָב זי געלאָזט טאָןביידע מלאכות...

. . . און ווי איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, — האָט ער גנבה׳יש געוואונקען — האָב איך דערזעהן די ציגיינערטע זיצען אויפ׳ן בעט און מישען אַ פּעקעל קאָרטען.

— העי, בתולה, — האָב איך איהר אַ פּליאַסק געטאָן אויף די נאַקעטע פּלייצעס, — נאָך אַזאַ פייערדיגער נאכט קומט דיר אַ „שוואַרצער מאָרגען"! מיינע גלידער סקריפּען ווי דאָס צובראָכענע בעט, אין וועלכען דיין בעל־הבית האָט מיך אריינגעלייגט. אין מיין קאָפּ האַמערט עס ווי אין אַ קוזשניע...

זי האָט זיך אויסגעדרעהט און זיך אַרויפגעוואָרפען אויף מיר. איהרע פליישיגע לאַפּעס האָבען מיך ארומגענומען מיט דער תאוה פון אויסגעוואַרימטע שלאַנגען:

— לאָז מיך וואַרפען קאָרטען, קעצעלע! די קאָרטען נאַרען ניט אָפּ...

— קאָרטען? אדרבא, פרעג דיינע פאַרדאַמטע קאָרטען וואו מיינע שטיוועל זיינען ערגעץ. העי באַצשי (פעטער), ברענג די שטיוועל, אָקס וואָס דו ביסט! ...

איך האָב מיך אָנגעהויבען אָנטאָן, אָבער די ציגיינערטע האָט מיך ניט נאָכגעלאָזט. איהרע הונגעריגע פינגער האָבען זיך פאַר־גראָבען אין מיין פלייש ווי אין אַ פלאַם־פלעצעל און מיט זיסער

צערטליכקייט האָט זי אָנגעהויבען איהר ציגיינערשע ליבעס־ערקלערונג:

— מזומן, ליבינקער, פאַר קאָרטען מוז מען עקסטרא באַצאָהלען, „דראגאס“ (טייערינקער)!

איך האָב איהר צוגעוואָרפען א מטבע אויף אַפּטשעפּעניש און אָנגעהויבען ארויפשלעפּען מיינע כאַליאַוועס. עס האָט געדויערט א ווייל איידער איך בין אריין אין מיינע בגדים און איך האָב געפּיהלט, ווי מיינע געדערים שפּילען דעם הונגער־מאַרש.

— העי, כל־בו'ניצע, גענוג געמישט! איך גלויב ניט אין דיינע קאָרטען. א גוטער פריהשטאָק וועט מיך מעהר דערקוויקען איידער דיינע נביאות; ברענג עפּעס צו עסען, זאָג איך דיר!

די ציגיינערטע האָט זיך אָסור געריהרט. אפשר זי האָט מיך ניט געהערט. איהר בליק האָט זיך פארבלאָנדזשעט ערגעץ וואו אין אַן אַנדערער וועלט, און פון איהר גאַרגעל האָבען אָנגעהויבען ארויפשווימען משונה'דיגע פסוקים, שווארצקינסטלערישע גראַמען און קללות, אַז די האָר האָבען זיך געשטעלט קאַפּויר. אַט וואָס עס איז געבליבען אין מיין זכרון פון דער ציגיינערטעס דעקלאַמאציע:

— איך זעה אַ רויך, אַ פייער, א וואָראָנע...

— וואו פליהסטו וואראנע, דו שווארצע? וואו איילסטו, שוועסטער מיינע?

— די וואָראָנע קלאַפּט מיט די פליגעל, אוי, א חתונה א שווארצע!

— עס רינען ריקעס בלוט, עס פוילען שטיקער פלייש, אוי א סעודה'לע, א בלוטיגע!

— ליגט א שאַרבען א טויטער און לעבען איהם צוויי אויגען...

— קראַ, קראַ, קראַ, נאָך וואָס טויג אַ ליידיגער שאַרבען, וואָס נוצען צוויי טויטע אויגען?

— ווי אַלט ביסטו, — האָט זי זיך פּלוצים דערמאָנט, אז איך בין אויך דאָ אין שטוב.

— צוויי און צוואנציג, — האָב איך איהר געענטפערט ווי א חדר־אינגעל, — איך בין מודה.

מיש, מיש, מאש, — האָבען ווידער די קאָרטען אנגעהויבען פליקען ווי זומער־פויגעלאך און געפאלען טויט־מידע אויף איהר שויס.

— צוויי און צוואנציג? צוויי און צוואנציג?

— ניטאָ צוויי און צוואנציג! — האָט זי זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבען ארויפציהען דעם רויטען שאַליק אויף איהרע ווייסע אקסלען. זי האָט אויפגעמאַכט די טיר.

— צוויי און צוואנציג איז טויט! — האָבען זיך די טרעפ צוסקריפּעט אונטער איהרע שווערע טריט.

— העי, באצשי, פריהשטיק פאר'ן הער לייטענאנט!

— נו, און דער סוף?

—דער סוף? עס איז א מעשה אָהן א סוף! אָבער דאָס דערמאָנט מיך, קאמאראדען: מאָרגען זייט איהר מיינע געסט! מאָרגען איז מיין געבורטסטאָג.

— צוויי און צוואנציג? — האָט די „סאָווע" ארויסגעלאָזט א קוויטש.

— יאָ, מאָרגען ווער איך אַן אלטער בחור פון צוויי און צוואנציג.

— מיין טאַטע אין מיינע יאָהרען האָט שוין געהאַט צוויי קינדערלאך, און מיר, אָט ליגען מיר דאָ און פארשווענדען אונזער צייט און אונזער מענליכקייט. חא, חא... אוי א פייערדיגע שיקסעל, די ציגיינערטע, — כ'לעבען...

ח.

עס האָט אָנגעהויבען צו ווערען טונקעל. די זון מיט איהר אויסגעפּרעסטען מעשענעם פּנים האָט זיך פארקראָכען אונטער א פאַרהאַנג פון שלייערס און שאַליקעס, געשטיקט מיט פּורפּורנע און זילבערנע פעדעמלאך ווי א בלוטיגער מאַנארך איידער ער

געהט צו דער מלכה. די לבנה האט אפירגעבליקט, א בלאסע, אן איבערגעשראקענע, ווי א קליין מיידעלע וואס גנב'עט זיך ארויס פון דער היים. עס איז געווען ניט נאכט און ניט טאג.

לייטענאנט סאיקא האט מיך געכאפט ביי דער האנט:

— איהר זעהט, דאקטאר?

קוק איך — און זעה ניט.

— איהר זעהט ניט? די אויגען זיינען איהם ארויסגע־קראכען קוקענדיג. זיי ליגען איהם אויף דער שפיץ נאז.

— אהא, דאס גרויע וואלקענדעל, מיינסטו? די כמארע וואס קאטשעט זיך איבער'ן וועג? יא, איך זעה — א שטויב. א רייטער...

— דער מלאך־המות! — איז לייטענאנט סאיקא ווידער אריין אין היסטעריע.

— רעגימענט, אנגרייפען! שטורמען דאס בערגעל „קאטע 400"! פיינד פארפאלגען איבער זיינע פריהערדיגע פאזיציעס! — די לעצטע ווערטער פון דער קאמאנדע זיינען פארשלונגען גע־ווארען פון דעם בת־קול פון צופלאשעטע קאפיטעס. דער גענעראל האט קאמאנדעוועט און האט אוועקגעיאגט אין גאלאפ.

א קליין פייפעלע: אויף! דאס קוקורוזע־פעלד איז לעבעדיג געווארען. א סעקונדע, און דאס גאנצע רעגימענט שטעהט אויף די פיס. די רימענס ציהען זיך צונויף, די באיאנעטען קלינגען אין די פאסעס אנשלאגענדיג זיך אן די לאפעטעס; די קאשקעט־לאך שפרינגען ארויף אויף די קעפ, די ביקסען דראפען זיך אויף די אקסלען; און פארטיג — אויס רעזערוו! גלייך ווי די מאנטור וואלט געווען צוגעוואקסען צו די טויזענדער לייבער.

— מארש!...

א שטילער, פאוואלינקער שריט אויף דער זאמדיגער ערד און אויסגעווען די צייט. די פינסטערניש האט פארשלונגען די מארשירענדע סאלדאטען.

.ז

נעקסטען פריהמאָרגען האָב איך באזוכט דאָס שלאכט־פעלד. א שרעקליך בילד! שטיקער מענשען־פלייש אָהן א צורה און צורות אָהן פלייש! די פיס פארזונקען אין א ליים פון בלוט־בלאָטע און פליישיגע שמאטעס. אויפגעבלאָזענע געדערים סוויפּ־צשען אונטער די טריט. ניטאָ קיין פרייע סטעזשקע, טרעט מען אויף מתים. עס איז גליטשיג. איך בין שיער ניט געפאלען. אָט ליגען זיי, די דריי מוסקעטירען; אינאייגעם געלעבט, אינאייגעם געפאלען. און ווי געלעבט אזוי געשטאָרבען. לייטענאנט פ א ר־ק א ש? יאָ, ער מוז עס זיין; איך דערקען איהם אָן זיין שמייכעל. ער לאכט פון דער וועלט, ער מאכט זיך א פוס־באָד פון דעם טויט. ער הערט גאָט ווי די קאַץ.

— אבי די שטימונג ניט פארדאָרבען!

און לעבען איהם די „ס אָ ו ו ע״. ניטאָ קיין גוף, ניטאָ קיין פּיס. אבער די אויגען, די אויפגעריסענע גלעזערנע אויגען. זיי האָבען מורא! זיי זעהען דעם מלאך־המות אויך נאָכ׳ן טויט.

דער מלאך־המות פארפאָלגט איהם.

און דאָס מוז זיין לייטענאנט ל ע נ ד ש ע ל. שווער צו דער־קענען. ניטאָ קיין פנים, נאָר א שארבען. איך בויג מיך אָן כדי אויסצוזוכען זיין לעגיטימאציאָנס־קארטע. הוש — א וואָראָנע פליהט ארויס פון דעם אָפענעם שארבען.

— קרא, קרא, קרא! נאָך וואָס טויג א ליידיגער שארבען, וואָס נוצען צוויי טויטע אויגען...

# פאַר'ן פרייען רוסלאַנד

### א.

עס איז געווען דער צונויפברוך פון דער קערענסקי־אָפענסיווע. די רוסען זיינען געלאָפען, „השיבנו־נאַזאַד". אָבער דאָס מאָל איז ניט געווען קיין כאַפּ־לאַפּ־ריקצוג. דער פיינד האָט זיך געשטעלט וואו ער האָט געוואָלט און איז פאַרשוואונדען, ווען ער האָט געוואָלט. דערווייל זיינען מיר ניט געשלאָפען און ניט געגעסען. דער פיינד האָט געשפילט מיט אונז קאַץ און מויז. מען איז קיינמאָל ניט געווען זיכער וואָס זיין נעקסטער שריט וועט זיין. עס איז געווען אַ טאַקטישער ריקצוג, וואָס איז אָפט ערגער פון אַ פיינדליכער אָפענסיווע.

מיר האָבען געקעמפט שווער און ביטער. די היץ איז געווען אין לשער. די פיינדליכע גראַנאַטען האָבען געקאָסעט קעפּ אויף דעם פלאַטשיגען שטח, ווי היי אויף דער לאָנקע. מיין הילפס־פּלאַץ איז געלעגען אָפען, ווי אַ בוזעם־קעשענע, און די קוילען זיינען געפלויגען אַרום אונז ווי בינען אַרום אַ ביהנשטאָק. ווער עס האָט זיך געשטעלט אויף די פיס איז געפאַלען מיט'ן קאָפּ. די פאַרוואונדעטע האָבען ניט געקענט צו אונז צוקומען. מיר זיינען געלעגען און געוואַרט.

### ב.

פּאַוואָליע האָט דאָס פייער נאָכגעלאָזען. איין האַרמאַט נאָך דער אַנדערער האָט אויפגעהערט צו גראַגערען. שטויב־נעפּלען האָבען פאַרדעקט דעם רויך פון ברענענדע דערפער. דער פיינד

האָט זיך צוריקגעצויגען. מיר האָבען אָנגעהויבען נאָכלויפען די אַרמיי, זוכען פאַרוואונדעטע. אַ מאַשינען־געוועהר האָט אונז אָנגעהויבען דערקוטשען. אַ האַגעל פון בליי האָט זיך געשאָטען איבער אונזערע קעפּ. אַ פּאָר פון מיין הילפס־פערסאָנאַל האָבען געקרוגען אַ שפּיי פון'ם העלישען מויל און האָבען אויפגעהערט צו קריכען.

— זיך דעקען! פערדס־קעפּ! — האָב איך קאָמאַנדעוועט.

מיר זיינען געלעגען און געגראָבען די ערד מיט דער נאָז. אַ מינוט האָט געדויערט אַן אייביגקייט. ווען וועט דער גראַגער פאַרשטומט ווערען? אַ פיינדליכער מאַשינען־געוועהר הינטער דער פּלייצע פון אונזער אַרמיי? היתכן? וואו איז יושר?

ג.

געפרייטער אימרע איז געוואָרען ריהרעוודיג. ער איז געווען אַ לעבעדיגע רעטעניש, דער שייגעץ, מיט אַ פּנים פון אַ נזיר און אַ גרימאַס פון אַ מערדער. ער איז געווען פאַרשלאָסען און מיסטעריאיש. ער האָט געציילט די ווערטער. ער איז תמיד געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. ער האָט אויך איצט געטאָן וואָס קיינער האָט איהם ניט געהייסען. ער האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט אַרויסגעצויגען זיין לאַנגען קניפּעק, מיט וועלכען ער פּלעגט שפּאַלטען האָלץ און שניידען ברויט. ער האָט איהם פאַרביסען צווישען די ציין. ער האָט אָנגעהויבען שפּרינגען אויף אַלע פיער ווי אַ זשאַבע.

— אימרע, וואו שפּרינגסטו, צו אַלדע שוואַרץ יאָהר?

ער איז אַוועק. געה כאַפּ אַ זשאַבע...

עס האָט ניט געדויערט לאַנג און דער מאַשינען־געוועהר האָט פאַרלוירען דעם לשון. מיר האָבען זיך אויפגעשטעלט. דער אייזערנער רויר האָט אונז אַנטקעגען געלאַכט מיט'ן הוילען מויל. ניט געווען קיין לעבעדיגע זעעלע אַרום איהם.

— אימרע! אימרע!

מיר זיינען געלאָפען זוכען אימרע'ן. מיר האָבען איהם געפונען אַן אויסגעשטרעקטען לעבען אַ רוסישען אָפיציער מיט אַ ניקעלאַיעווסקען בערדעל. אין דער רוסישער ברוסט האָט געשטעקט אַ מעסער — אימרע'ס קניפּעק. לעבען איהם איז געלעגען אַן אויסגעשאָסענער רעוואָלווער. דער רוסישער מאַשינען־געוועהר־קאָמענדאַנט האָט באַצאָהלט פאַר'ן מעסער־שטאָך מיט אַ רעוואָלווער־קויל. אימרע האָט ניט מעהר געזשיפּעט.

ד.

איך האָב מיך געווענדעט צום רוסישען אָפיציער און אָנגע־הויבען באַטראַכטען זיין וואונד. זי איז געווען טויטליך. דאָס מעסער איז געזעסען טיעף. אַ שטיק פוג'ם העמטעל איז אַריינ־געדרונגען אין דער וואונד און האָט פאַרהאַמעוועט דאָס בלוט וואָס האָט געקאַפּעט ווי אַ דריבנער רעגען.

— אַריסנעהמען דאָס מעסער, אָדער עס לאָזען שטעקען? — איך האָב מיך געשלאָגען מיט דער דעה.

דער אָפיציער האָט געלעזען מיינע געדאַנקען.

— באַמיהט אייך ניט! עס איז צו שפּעט פאַר מיר — האָט ער געערדט אַ געבראָכענעם דייטש.

— אָט ראַטעוועט בעסער די אַלע אומגליקליכע, — האָט ער געמאַכט אַ רעגען־בויגען איבער דעם הויפען טויטע און פאַרוואונ־דעטע רוסען און אונזערע, וואָס זיינען געווען צעוואָרפען אויפ'ן זאַמד, ווי לאָקשען אויף אַ לאָקשען־ברעטעל.

— נאַ, נעהמט אַ טראָפּען, — האָב איך איהם דערלאַנגט מיין פעלד־פלאַש.

— ניין! אַ שאָד דאָס וואַסער! באַנוצט עס פאַר די לעבעדיגע...

— עט, עס איז ניט אַזוי שלעכט... מיט... אייך — האָב איך איהם געפּרואווט טרייסטען.

ער האָט ביטער געשמייכעלט.

— הם... קען איך עפּעס טאָן פאַר אייך, הער אָפּיציער?
איך האָב דערפיהלט עפּעס אַ ווארימקייט פאַר איהם.

— עפּעס טאָן? אַ גאַלאַנטער פיינד... הם... יאָ, ווען איך וואָלט געקאָנט איבערשיקען אַ קאַרטעל צו מיין... פרוי!?

— מיט פאַרגעניגען! דורכ'ן רויטען קרייץ! איך האָב איהם דערלאַנגט אַ ליידיגען פעלד־פּאָסט־קאַרטעל. ער האָט אויפגעקריצט אַ רוסישען אַדרעס. ער האָט איבערגעדרעהט דאָס קאַרטעל און אָנגעהויבען שרייבען מיט אַ ציטערדיגער האַנט. די האַנט איז איהם באַלד אַרונטערגעפאַלען ווי אַ שווערע משא.

— איך קען ניט מעהר...

איך האָב אויפגעהויבען דאָס קאַרטעל. מיין בליק איז געפאַלען אויף צוואָרפענע, ווי אונטערגעטשאַרקעטע אידישע אותיות:

— מיין טייערינקע סאָני...

— אַ איד?

ער האָט אַרויסגעקוועטשט די איינגעזונקענע אויגען:

— אויך אַ איד?

זיין אָטעם האָט זיך אַ הויב געגעבען ווי אַ ליכט, איידער עס געהט אויס.

— פאַר'ן פרייען רוסלאַנד — אַ קרבן!

איך האָב איהם געכאַפּט ביי דער קאַלטער האַנט.

— שלום! — האָט זיך מיר אַראָפּגעגליטשט פון דער צונג אַ באַנאַלער זיי־געזונט...

— ש... ש... של...

דאָס מויל איז געבליבען אָפען...

# די שפּיאָנין

## א.

זי איז געווען שעהן און פּיקאַנט — די שעהנע מאַרגאַ־רעטא. זי איז געווען יונג, גייסטרייך און קאָקעט — הערש־זוכטיג און אונטערטעניג, איינלאַדענד און אָפּוועהרענד, סובטיל און אַלטעגליך, ריידעוודיג און פאַרשוויגענד, זונליך און פאַר־חלומ׳ט — זי איז געווען אַ פרוי.

זי האָט געהאַט אַ קינסטלעריש אויסגעטאָקטען קאָפּ מיט צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ ביז די קניע. איהר מויל איז געווען האַלב אָפען, מיט אַ פאַרגעשמאַק פונ׳ם גן־עדן און אַ זייטען־טירעל צום גיהנום. איהרע קאַרשען־רויטע ליפּען האָבען געטריפט האָניג און געזופּט בלוט. איהר וועזען האָט באַצויבערט, פאַרשטריקט און ניט באַפרידיגט. זי איז געווען — פאַרוואָס זאָל איך עס לייק־קענען? — איך פיהל נאָך היינט איהר בריה — היינט, ווען זי איז ווייט, ווייט פון מיר. אַזוי ווייט ווי די אייביגקייט אַליין!

איך האָב זי קענען געלערענט אונטער אומגעוועהנליכע אומ־שטענדען! עס איז געווען אין אַ דאָרף אין דער טיפער רומעניע. די רומענישע אַרמיי האָט געליטען איינע פון איהרע גרעסטע מפּלות פונ׳ם קריג און זי האָט זיך געקאַטשעט פון איין פּאָזי־ציע צו דער אַנדערער. מיר זיינען נאָכגעלאָפען דעם פיינד ווי הינט נאָך אַ געשאָסענעם האָז און ניט געהאַט קיין צייט, ניט צו עסען, ניט צו שלאָפען און ניט זיך אָפּצורוהען. מיר האָבען זיך צעגעקלעפּט צום קנאַפּעל פונ׳ם דערשלאָגענעם שונא, פאַר מורא, טאָמער וועט ער אַנטלויפען. ענדליך האָבען מיר איהם געצוואונגען

זיך אָפּצושטעלן. ער האָט זיך באַפעסטיגט אין גוט אויסגע־בויטע, פאַרבעריייטע פּאָזיציעס.

מיר האָבן זיך ניט געאײַלט איהם אָנצוגרייפען. מיר זיינען געווען ווייט פון אונזער אַרמיי־פּאָדוואַלינע. די פּראָוויאַנט־וועגען זיינען געבליבן הינטערשטעליג און די אַרטילעריע האָט אונז קוים געקאָנט נאָכהינקען. מיר זיינען געווען די שפּיץ־נאָז פון אַ לאַנג אויסגעצויגענעם פראָנט און מיר האָבן געמוזט אָפּ־וואַרטען ביז אַנדערע טיילען פון דער אַרמיי וועלען זיך אָן אונז אָנשליסען. מיר האָבן זיך דערוויייל איינגעגראָבען, און איך האָב געזוכט אַ הילפּס־פּלאַץ. מיין וואהל איז געפאַלען אויף אַ הויז לעבען וועג. איך האָב מיך געפרייט, אַז איך וועל זיך ווע־ניגסטענס די נאַכט אויסשלאָפען, נאָך אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט. אָבער דאָס הויז איז ניט געווען זעהר גאַסטפריינדליך.

— עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ — איז מיר אַן אַלטע גויה אנטקעגען געקומען.

— מיר זיינען אַכט פּערזאָנען אין איין שטוב.

— נו, און דער צימער? — האָב איך געוויזען איבער'ן גאַניק.

— אָ, דאָרט האַלטען מיר חזרים.

— חזרים? חזרים? — האָב איך מיט דער אַלטער אַ טרייסעל געטאָן ווי מיט אַ לולב.

— חזרים? פּגר'ן זאָלט איהר, רומענישע חזרים! כלאָפּ־צעס, פאַרנעהמט דאָס הויז!

אַ קליאַמקע האָט זיך איבערגעדרעהט און אַן עלעגאַנט גע־קליידעטע פרוי איז אַרויסגעקומען. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין פּנים, וואָס איז געווען געבאָדען אין שוויים און אויסגעשמירט מיט שטויב־בלאָטע און זי האָט אַפּנים פאַרשטאַנען, אַז איך בין ניט זעהר אויפגעלעגט צו שפּאַסען. זי האָט זיך פאַרנייגט ווי אַ „גראַנד דאַם" און מיך געבעטען אין אַ קרישטאָל־ריינעם דייטש:

— טרייבט אונז ניט אַרויס, הערר אָפיציר, מיר זיינען אָרימע פרויען, גאַנץ אַליין!

— נו, און דער צימער, הע?
— אדרבא, זעהט אליין!
זי האָט אויפגעמאַכט די טיר, דורך וועלכע קליינע חזרים האָבען אָנגעהויבען אַרויסלויפען מיט אַ קוויטש און אַן אָטעם־רויבענדער געשטאַנק האָט מיר אַ פּאַטש געטאָן אין פּנים.
— צום טייפעל מיט אייער חזיר׳שער העפליכקייט, — האָב איך געברומט און האָב מיך אויסגעצויגען אויפ׳ן פאַרפוילטען שטרוי ווי אויף אַ ווייכען מאַטראַץ. איך בין אַנטשלאָפען געוואָרען ווי אַ דער׳הרג׳עטער.

ב.

אויף מאָרגען האָט מיין פּריצע אויסגערייניגט די שטוב, אַרויסגעוואָרפען דאָס פאַרפוילטע שטרוי און אַריינגעשטעלט אַ בעט מיט ריינע קישעלאַך. איך בין צו׳ן איהר אַריינגעגאַנגען און זי איבערגעבעטען פאַר דער נעכטיגער אַוואַנטיורע. זי האָט פריינדליך געשמייכעלט און מיר געדריקט די הענט מיט גרויס וואַרימקייט. זי האָט מיך איינגעלאַדען צו פאַרזוכען איהר רומעני־שען געקעכץ פון מאַמעליגע מיט מילך. מיר זיינען געזעסען ביים טיש און געפּלוידערט, גלייך ווי מיר וואָלטען געווען אַלטע באַ־קאַנטע. זי האָט געהאַט אַ ווייכע, וויברירענדע שטים, פול מיט אינטימער, פיינפיהליגקייט. איהרע רייד האָבען געפּיעשטשעט און געגלעט, אָבער אָהן חניפה און אָהן צודרינגליכקייט. זי האָט פאַר־מאָגט אינטואיציע. זי איז געווען אַן אנגענעהמע קאָנווערסאַנטין, און אונזער געשפּרעך האָט זיך געצויגען אין אַ קיילעכדיגען ריטם פון אַ וויענער וואַלץ. זי איז געווען באַלעזען. זי האָט גערעדט אי־בער ליטעראַטור מיט דעם זעלבען אייפער ווי איבער איהרע צוויי קינדער — בלוי־אויגיגע קליינע שיקסלאַך, וועלכע זיינען געזעסען ביי מיר אויף די קניע, און מיר געקוקט אין מויל אַריין מיט קינ־דישער קאָקעטעריע. זי האָט דעקלאַמירט פערזען פון שילער און היינע. מיר האָבען אינאיינעם געזונגען אַלטע בורשענשאַפטס־

לידער פונ׳ם אוניווערזיטעט־לעבען — עס זיינען פארגאנגען שעה׳ן ווי מינוטען. איך בין געזעסען און געגאפט: אויף וועלכען גע־היימען אופן האט זיך פארבלאנדזשעט אזא וואונדערשעהנע בלום אויף די פראנט־בלאטעס? זי האט פארשטאנען די קונסט פון יא ענטפערען און ניט ענטפערען. איך בין אוועק א נייגעריגער, א פארגאפטער און אומרוהיגער, מיט געדאנקען פון א ישיבה־בחור וואס קעהרט זיך אום פונ׳ם ערשטען ראנדעוואו. א, שעהנע מארי־גארעט! א, ספינקס! טא וועלכע פרוי איז ניט קיין ספינקס?

ג.

א פרוי אין דער היים איז א פרוי. א פרוי אויפ׳ן פראנט, אין דער מלוכה פון סאמע מאנסבילען, איז מעהר ווי א פרוי. זי מעג זיין א מלאך, א דעמאן, א שטן. זי איז א נאטור־קראפט, זי איז שטארקער פונ׳ם יצר־הרע. זי טראגט טייוואלישע הערנער. מיין פריצע איז געווען א שפאן די ווייט פון פראנט!

עס זיינען פארגאנגען טעג, עס האבען זיך פארצויגען וואכען. מיין הילפס־פלאץ איז געווארען די מעקא פונ׳ם פראנט. יעדען טאג פלעגען פרישע אפיצירען עולה־רגל זיין צו דער פריצע. זיי זיינען געקומען נייגעריגע כדי צו כאפען א בליק אויפ׳ן „דאק־טאר׳ס באלעבאסטע". און אוועקגעגאנגען זיינען זיי בענקענדיגע, פארליבטע, דורשטיגע נאך איהרע ליפען. זי האט אנטפלעקט די חוה אין זיך, די נאקעטע, ברוטאלע חוה. זי האט געשפילט אויף אלע סטרונעס פון די מענליכע גארילא־אינסטינקטען. זי איז געווען א דארף־שיקסע, וואס האט באנוצט א ראפינירטע טאקטיק פון א העכערער קולטור כדי צו כאפען מענער אויף איהר ווענטקע, ווי מען כאפט פיש. און זיי זיינען געפאלען און זיך צוגעקלעפט צו איהר ווי פליגען צו פליגען־פאפיר, די מאנסבילען. זי האט זיי געצווינגען. זי האט זיי געשלעפט ממש ביי די האר, די אפיצירען און די פראסטע סאלדאטען. זי האט אויסגעפארשט, אויסגעצמא־קעט פון זיי אלע זייערע סודות און זיי אוועקגעלאזט מיט ליידיגע

נשמות. זי איז געווען נייגעריג ווי א צייטונגס־רעפּאָרטער. זי האָט באַלעקט מיט איהר צינגעל די טיפסטע מיליטערישע געהיימ־ניסען. זי האָט געהאַלטען ביידע הענט אויפ'ן דופק פונ'ם פראָנט און געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין די פאַרבאָרגענסטע ווינקע־לאַך. זי האָט אויסגעטאָן איהר אַמאָליגע עלעגאַנץ און זי איז געוואָרען פרעך ווי א זונה. זי האָט געקענט די פּערזענליכע שוואַכקייטען פון איהרע פאַרעהרער און האָט זיי איינגעשפּאַנט אין איהר וואָגען ווי געצוימטע לאָשאַקעס. זי האָט געטראָגען רכילות, זי האָט דערוועקט אייפערזוכט, פארשפּאָט איינעם פאַר'ן אַנדערען און געפיהרט דאָס רעדעל ווי אין א מענליכען האַרעם. איהר מאַכט איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.

ד.

מיין הילפס־פּלאַץ איז געגאַנגען אויף רעדער. מיין הילפס־פּערזאָנאַל, וואָס איז געווען א מוסטער פון דיסציפּלין, איז געוואָרען צולאָזען ווי א גוי'ישע חתונה. מיינע סאַניטאַרען האָבען איהר געקוקט אין מויל אַריין ווי צו א ספּאָוויעדניק. מיך האָבען זיי געהערט ווי די קאַץ, דעם זשידאָווסקען אָפיציער. איך האָב אָנגעהויבען שטראָפען, שרייען, דראָהען, אָבער די פריצע האָט נאָך מעהר געבונטעוועט. איך האָב אַוועקגעשיקט מיין סאַניטעט־קאָרפּאָראַל אין די גריבער און איבערגעביטען די סאָלדאַטען, אָבער דאָס האָט געהאָלפען ווי א טויטען באַנקעס. מאַרגאַרעטאַ האָט ווייטער קאָמאַנדעוועט און מיין שטרענגקייט האָט מיך נאָר געמאַכט לעכערליך.

די קוואַרטיר האָט זיך מיר צוגעגעסען. עס האָט געזשימזשעט און גערוישט ווי אין א ביהן־שטאָק. איך האָב ניט געהאַט קיין רוה אפילו ביינאַכט. האָב איך שוין יאָ דערלעבט די שעה, צום מזל, ווען איך בין געבליבען אַליין און געפּרואווט צומאַכען אַן אויג, האָט זיך צו מיר ניט גענומען קיין שלאָף. די שטוב איז געווען א נידעריגע און די הילצערנע סטעליע איז מיר געלעגען

כמעט אויף דער נאָז. קוים האָט געשלאָגן דער זייגער, חצות, איז אויך מיין סטעליע געוואָרען אַ לעבעדיגע. זי האָט געסקריפּעט, געקרעכצט און געהוידעט זיך ווי אַ הוידראָלקע. עס האָבען געשאָקעלט זיך די באַלקענס ווי אין קאָנוואולסיעס. עס האָט זיך געהערט עפּעס אַ מאָדנער געוויש, אַ שושקען זיך, אַ קושען, אַ צמאָקען, אַ כליפּען, אַ פּלוכען... צוויי שווערע דעמבינע פּיס האָבען אַרומגעשפּאַנט אויפ'ן בוידעם. דאָס האָט געדויערט ביז די גרויע מאָרגען־נעפּלען האָבען פאַרטריבען די פינסטערע נאַכט.

איך האָב זי אַמאָל אַ פרעג געטאָן, מיין פּריצע:

— וואָס טוט זיך דאָ אויף אייער בוידעם, דורך די נעכט?

זי האָט מיר צוגעוואָרפען אַ בייזער:

— שצשורעס!

— שצשורעס אויפ'ן בוידעם... חאַ! חאַ! חאַ! — האָט זי זיך איבער מיר לוסטיג געמאַכט.

איך האָב געלאָזט דורכזוכען דעם בוידעם און אויפרייסען אַלע לעכער, אָבער מען האָט גאָרניט געפונען.

שצשורעס! רומענישע שצשורעס!

## ה.

עס איז געווען אין אַ זונטאג, שפּעט ביי דער נאַכט. מיר האָבען געפייערט אין דער קאָמאַנדע דעם אויסטיילען פון נייע אויסצייכנונגען פאַר אָפיצירען. מיר האָבען געזופט בראַנפען געמישט מיט פעפער לכבוד פון די דעקאָרירטע. איך האָב די נאַכט מעהר געטרונקען ווי איך האָב געקאָנט פאַרטראָגען. איך האָב אָנגעשכור'ט אַ וואָרים אין האַרצען. איך האָב מיך געשלעפּט אַהיים אויף צוויי פיס, ניט אינגאַנצען מיינע. איך בין געווען אויפ'ן האַלבען וועג, ווען איך האָב דערזעהן אַ ליכט אין מיין פענסטער, אַ ליכט וואָס האָט זיך כסדר אָנגעצונדען און פאַר־לאָשען, ביז עס איז געוואָרען גאַנץ פינסטער. מן־הסתם דער

בראַנפּען, ברודער, האָב איך מיך געקלאַפּט אין שטערען און געטריבען די פּוילע פּיס צום געהן.

איך האָב מיך פּאַוואָלינקע צוגעשלעפּט צו דער טיר און אונטערגעהערט. עמיצער איז דאָ אין מיין צימער. מיין בעט סקריפּעט, גלייך ווי עס וואָלט פּראָטעסטירט אַנטקעגען דער פּרעמדער אינוואַזיע. מען שושקעט זיך. מען טענה'ט זיך אויס. איך האָב פּאַוואָלינקע אויפגעמאַכט די קליאַמקע און געגעבען אַ דריק אויפ'ן קנעפּעל פון מיין עלעקטרישען קעשענע-לעמפּעל. אַ וואָרף — צוויי מענשען אין העמדער זיינען ארויסגעשפּרונגען פונ'ם בעט. צוויי — אַן ער און אַ זי. דאָס ליכט האָט זיי אַפּנים פאַרבלענדט די אויגען. אַ פּלוך! אַ מעסער בלישצעט מיר אַנטקעגען! איך בין אָוועקגעשפּרונגען אין דער זייט. מיין רעוואָלווער האָט געציעלט אויפ'ן מעסער און מיין ניט גאַנץ אויסגעניכטערטע האַנט האָט געזוכט דאָס צינגעל פון דעם בראַונינג. דאָס לעמפּעל האָט זיך פאַרלאָשען. אַ ווייכער צעוואָרעמטער קערפּער האָט זיך אויף מיר ארויפגעלייגט. צוויי נאַקעטע ברוסטען האָבען זיך געגליטשט אויף מיין פּנים.

— אום גאָט'ס ווילען, שיסט ניט, הער דאָקטאָר!

— הע! מאַרגאַרעטאַ!? איך האָב געגעבען אַ סווישטש צו מיין דינער, וועלכער איז אַנדרימעלט געוואָרען אויפ'ן גאַנעק.

— ש-ש-אַ! איך וועל אַלצדינג דערקלערען! רופט ניט קיינעם! האָט רחמנות! איך וועל אַלצדינג דערצעהלען.

איך האָב זי פון מיר אַראָפּגעוואָרפען און ווידער אָנגעצונדען דאָס לעמפּעל. איך האָב מיך ארומגעקוקט. אין דער שטוב איז קיינער ניט געווען. דאָס בעט איז געווען צעוואָרפען און דאָס פענסטער איז געווען אָפען. דער ווינט האָט געשפּילט כאַפּעלאַך מיט'ן פענסטער. דער מעסער-שטעכער איז נעלם געוואָרען.

מיין דיענער האָט אָנגעקלאַפּט:

— איהר האָט מיך גערופען, הער דאָקטאָר!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער נאַקעטער, צושויבערטער,

איבערגעשראָקענער פּריצע. דער בראַנפּען האָט מיר איינגערוימט אַ סוד אין די אויערען:

— פּאַלי, ווי לאַנג האָסטו שוין ניט געהאַט קיין פרוי?

— מיא... — האָט דער דיענער אָנגעהויבען צו באַלעקען זיך מיט דער צונג ווי אַ קאַץ, וואָס דערזעהט פּוטער.

— ניין, ניין, ניין! — האָט די פרוי אָנגעהויבען היסטעריש צו קוויטשען און זיך פּאַרדעקט די ברוסטען מיט ביידע הענט.

איך האָב מיך אוועקגעדרעהט און אָנגעהויבען רייבען שווע־בעלאַך, כדי אָנצוצינדען דעם לאָמפּ.

— אוממעגליך! דערבאַרמען! ניט דאָס! ראַטעוועט! — איז זי מיר נאָכגעלאָפען.

— מיינע קינדער! קינדער! קינדער!

צוויי קליינע איבערגעשראָקענע שיקסעלאַך זיינען אַרויס פון׳ם שלאָף־צימער און געוויינט: מאַמע!

— פּיהר אַריין די פּריצע אין איהר שטוב אַריין, — בין איך געקומען צו זיך, — און קום צוריק מיר אויסטאָן די שטיוועל!

איך האָב מיך אַריינגעלייגט אין אויסגעוואַרימטען בעט און בין געשלאָפען מיט דער פּריצעס קליידעל. די סטעליע האָט זיך ניט מעהר געטרייסעלט די נאַכט. איך בין אויפגעשטאַנען אַ פרישער און אויסגעניכטערטער.

ו.

איך האָב זי צוויי טעג ניט געזעהן. די קינדער זיינען געקומען צו רייטען אויף מיינע קניע און שפּילען זיך אין קאַפּעלאַך. אָבער די מאַמע האָט זיך ניט געוויזען. די אַלטע האָט געבראַכט מאַמעליגע נאָך זיסער ווי פריהער און האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ הינטישער אונטערטעניגקייט, אָבער די פּריצע איז געלעגען באַהאַלטען.

ערשט דעם דריטען טאָג האָט זי איבערגעטרעטען מיין שוועל.

עלעגאנט, זעלבסטבאוואוסט, פארפוצט, מיט א שמייכעל אויף די ליפען, גלייך ווי עס האט גארניט פאסירט.

— א, מארגארי... ס'קאצעל קומט, — האב איך זי אנגעקוקט פון אונטער די ברעמען.

— און וואס טוט דער שצשור? שוין איינמאל א שצשור, — האב איך זי געוואלט שטעכען.

זי איז געווען בלאס און איהרע מוילווינקלאך האבען נערוועז געציטערט.

— יא, ווענען דעם קום איך טאקע צו אייך, גאלאנטער הער! — האט זי געפרואווט זיין איראניש.

— נו?

— דער מאן, וואס איהר האט באגעגענט, איז מיין געליבטער.

— דער וויפילטער?

— א, ווי גראב איהר זייט! — האט זי זיך אנגעהויבען מיט מיר אויס'טענה'ן, אבער זי האט באלד באמערקט, אז איהר פרעכקייט וועט איהר ווייניג וואס העלפען. עס איז אנטשטאנען א פויזע. זי האט אנגעהויבען פארלירען איהר פאזע.

— איך בין באריט — האט זי געזאגט אין א רעזיגנירטען טאן.

— באריט, צו וואס?

— מאכט א סוף! פייניגט מיך ניט! — האט זי ניט מעהר אויסגעהאלטען. — גיט מיך איבער צו דער קאמאנדע.

— צו דער קאמאנדע?! צו דער...

— אהא! איז מיר מיט איינמאל קלאר געווארען ווי די זון.

— סיגנאלען! הע, געגעבען ליכט־סיגנאלען דעם פייגד, דורכ'ן פענסטער?

דער נייער רומענישער פראנט איז געהאנגען אויף א קייט פון בערגלאך, פון וואנען דער פייגד האט געהאט אן איבערבליק אויף דעם גאנצען טאל. ער האט ממש אריינגעקוקט דורך די שויבען אין די הייזער. איצט האב איך פארשטאנען פארוואס

דער פיינד האָט פאַרשווינט מיין הילפס־פּלאַץ. כאָטש ער האָט יעדען טאָג צושאָסען אַן אַנדער שורה הייזער.

— דו, אַ שפּיאָן! ? — האָב איך זי דורכגעבויערט.

— מ אַ ר ג אַ ר ע ט אַ ! אַ שפּיאָן ?...

זי האָט אַרונטערגעבויגען דעם קאָפּ און פאַרגאָסען טרעהרען.

— זיי האָבען דער'הרג'עט מיין מאַן, די עסטרייכישע רוצחים.

— דיין מאַן ?

— יאָ ! איך בין געווען אַ לעהרערין אין קוטשאַרמאַרע (בוקאָווינאַ), אַן עסטרייכישע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ רומענער. געקומען דער קריעג... אַן אויסגעטראַכטע מסירה... און זיי האָבען איהם אויפגעהאַנגען, מיין מאַן, דעם טאַטען פון מיינע קינדער... פאַר מיינע אויגען האָבען זיי איהם דערוואָרגען — די תלינים.

— נו, און ווי קומט איהר אַהער ?

— איך בין דאָ ביי מיין שוויגער. אָ, ווי שווער עס איז מיר געווען די ערשטע פאָר יאָהר ! איך בין געבליבען אַליין און פאַרלאָזען, אָהן אַ פריינד. ניט געווען פאַר וועמען אויסצוגיסען דאָס ביטערע האַרץ. געזעסען טעג און נעכט, זיך אויסגעוויינט די אויגען און געלעכצט נאָך נקמה. דאָס בלוט האָט געזאָטען, געריסען זיך, געבענקט... געזעסען יאָהרען און געטראַכט, געפלוכט, געראַנגעלט זיך, געגעסען דאָס אייגענע פלייש, יעדען טאָג פריש אויפגעריסען די אַלטע וואונדען. און דאָס האַרץ האָט געטריפט, געבלוטיגט. אוי, ווי האָט עס וועה געטאָן ! אַ דערשטיקטער האַס האָט מיך געוואָרגען. מיין נשמה איז געווען פול ווי אַ גיפט־קעסעל...

— ביז ער איז געקומען...

— געקומען, ווער ?

— ער... ער, מיין אַנטאָן. גאָט אַליין האָט איהם מיר געשיקט. ער איז אַ מלאך פון גאָט. ער האָט מיך אויפגעהויבען פון דער ערד און אויפגעפרישט מיינע פאַרגליווערטע לעבענס־

קרעפּטען. ער האָט פאַרגלעט די קאָרטשעס פון מיין האַרץ, ער האָט מיר געגעבען מוט און האָפנונג. ער האָט מיר געגעבען ליעבע, די זיסע, הייסע ליעבע, וואָס האָט מיך, אַ פאַרוויאַנעטע בלום, געבראַכט צום אויפבליהען. ער איז מיינער, מיינער אויף אייביג...

— וואָס טויג דאָס לעבען אָהן איהם?...

— ער האָט איצט געזאָלט קומען אויף אורלויב און מיר האָבען געזאָלט חתונה האָבען!...

— האָט אייך דער רוח אָנגעטראָגען, איהר פאַרפלוכטע בלוט־זויגער, איהר עסטרייכישע פּאַכאַלקעס, — איז זי אריין אין אַ פוריע און געגאָסען פּעך און שוועבעל אויף איהר פריהערדיגען פּאָטערלאַנד.

איך האָב זי געלאָזט אויסשטורמען און איהר כעס איז באַלד ווייכער געוואָרען פאַר דעם טיפען טרויער, וואָס האָט זי באַוועלטיגט.

— ער איז צוריקגעקומען מיט די רומענישע סאָלדאַטען... מיין אַנטאָן. איך האָב גע'פועל'ט ביי דער רומענישער קאָמאַנדע מען זאָל איהם ביי מיר איבערלאָזען — אַלס שפּיאָן... איך האָב איהם באַהאַלטען, איהם געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, געשפּילט די לוסטיגע וויטווע מיט אייערע סאָלדאַטען... אַה! ווי איך האָב אייך פיינט, איהר עסטרייכישע בעסטיעס! ווי גערן וואָלט איך אייך אויסדלובען די אויגען און טרעטען אויף אייך, טרעטען, דאָפּטשען אויף אייערע נידערטרעכטיגע הערצער, איהר לומפּיגע מערדער, איהר...

אַ סאָלדאַט איז אריינגעקומען:

— הער אָבער־אַרצט, דער הער אָבערסט האָט באַפוילען...

איך בין אַרויס פון דער שטוב, באַלאָדען מיט מאַרגאַרעט'ס קללות.

ז.

איך בין געקומען אהיים פונ'ם רעגימענט'ס קאָמאַנדע פאַר זון־אויפגאַנג. מאַרגאַרעטאַ איז געשלאָפען. איך בין צוגעגאַנגען צו איהר בעט און זי אויפגעוועקט.

— מאַרגאַרעטאַ!

— אָ, אַנטאָן, לוביטשקאַ, — האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און מיך געוואָלט אַרומכאַפּען.

— טוט אייך אָן, מאַדאַם!

— וואָס? — זי האָט זיך צוריק געלייגט אָן ענטווישטע און אַריפּגעשלעפּט די דעק איבער'ן קאָפּ.

— טוט אייך אָן, און נעהמט מיט די קינדער!

— ? ?

— די קאָמאַנדע האָט באַקומען קאָמפּראָמיטירענדע ראַפּאָר־טען וועגען אייך...

— וואוהין זאָל איך געהן... אָהן אַנטאָן?

— צו אַלדע שווארצע יאָהר מיט דיין אַנטאָן, — בין איך געוואָרען אין כעס און זי אַרונטערגעשלעפּט פונ'ם בעט.

— עס וועט זיין שפּעט... מיר הויבען באַלד אָן די אָפענסיווע און דו וועסט ניט קאָנען אַנטלויפען, — האָב איך זי געצווינגען אויף דער ערד.

די אַלטע האָט אויפגעוועקט די אייניקלאַך, וועלכע האָבען געציטערט פון קעלט. זיי האָבען פאַרשטאַנען מיט זייער קינדערשען אינסטינקט די אויסערגעוועהנליכע סיטואַציע. זיי האָבען מורא געהאַט צו וויינען...

איך האָב זיי באַגלייט איבער'ן וועג אין וואַלד אַריין און האָב זיי געוויזען די סטעזשקע.

— מאַרגאַרעטאַ... — האָב איך אויסגעשטרעקט די האַנט מיט געפיהל. אָבער די האַנט איז געבליבען אַ יתומה. די פריצע איז געווען קאַלט, פאַר'עקשנ'ט און שטאָלץ. די שיקסלאַך האָבען מיך

געקושט און ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון מיר. זי האָט זיי אוועקגעשלעפּט מיט געוואַלד. דער וואַלד האָט איינגעשלונגען די שעהנע פּריצע. עפּעס האָט זיך געבענקט נאָך דער פרוי...

ח.

עס זיינען פאַרגאַנגען וואָכען. עס זיינען אַוועק חדשים. די סצענע האָט זיך געוועקסעלט. אַן אַנדער פיינד, אַן אַנדערע געגענט! פון דער פּריצע איז געבליבען אַ קליינע גרויע כמאַרעלע פאַרגאַסען מיט כוואַליעס פון פרישע איבערלעבונגען. זי איז פאַרזונקען טיפער און טיפער אין אונטערבאַוואוסטזיין — נאָר אַמאָל איז אַרויסגעשוואומען אַן ערינערונג אַנטקעגען וועלכער עס האָבען געקעמפּט די געדאַנקען. נאָר אַמאָל אַ צאַפּעל, אַ פלאַטער, אַ קנייטש פון פאַרדרעננגטע געפיהלען. נאָר אַמאָל...

איינמאָל האָב איך געקראָגען אַ דיענסט־צעטעל מיט אַ באַפעהל זיך צו מעלדען אין אַ געוויסער שטאָדט אין דער בוקאָווינא אַלס געריכט־עדות. איך האָב ניט געוואוסט פאַר וועמען איך דאַרף זיין אַ מליץ ישר און עס האָט מיך ווייניג אינטערעסירט וועמענס לעבען עס העגנגט אָפּ פון מיין עדות זאָגען. עס איז מיר געווען קלאָר, אַז פאַר אַ וואָך אָדער מעהר וועל איך פּטור ווערען פון פראָנט און כאַפּען אַ לוסטיגע מינוט אין גאָלדענעם „עטאַפּען־לאַנד“. דאָס האָט מיך אַזוי דערפרייט, אַז עס איז מיר גאָר אַראָפּ פון זינען אויסצוגעפינען נאָך וואָס מען האָט מיך אהין באַצויגען.

אין שטעדטעל ר. האָב איך געהאַט פילע אַלטע פריינד, וועלכע איך האָב געקאָנט פון פריהער. עס איז געווען אַ לוסטיגער ווידערזעהן! איך בין געזעסען ביי דער מענאַזש לעבען אָבערסט הילאי, אַן אַלטער, אויסגעריבענער הויזען־טרעגער, וואָס האָט זיך זעהר דערפרעהט מיך צו זעהן. איך בין געווען אַ גרויסער חשוב ביי איהם. קיינער איז ניט געווען אַזאַ קאָרטען־שפּיעלער — אַ פאַרטאַטש ווי איך, שלים־מזל, און קיינער

האָט ניט געהאַט מעהר חשק צו געווינען, ווי דער אַלטער „עטאַפּען־בעצירקס־קאָמענדאַנט“. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט אויך דאָס מאָל ניט דערלייגט צום געשעפט. איך בין אַוועק מיט אויסגעלײדיגטע קעשענעס, אָבער פול מיט וויין, וועלכען איך האָב געמוזט „געהאָרכזאַם“ מיטטרינקען. עס איז געווען זעהר שפּעט, איידער איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה. איך בין געלאָפען אין געריכטס־זאַל אַ פאַרשפּעטיגטער און אַ פאַרשלאָפענער.

אָבער־לייטענאַנט בראַנדמארק, אַ געוועזענער אַדוואָקאַט פון אָסט־גאַליציע, מיינער אַ גוטער פריינד, איז מיר אַנטקעגען געקומען.

— אָה, ענדליך! דאָס געריכט וואַרט אויף דיר, — איז ער געווען נערוועז.

איך האָב מיך געמעלדעט, לויט פאָרשריפט, און בין דורכגעגאַנגען די פּראָטאָקאָל־פאָרמאַליטעטען, אָהן אַ מכשול.

— קענסטו די פרוי? — האָט הויפּטמאַן־אוידיטאָר גערסטנער, געטייט מיט׳ן פינגער אויף עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס האָט זיך פאַרדעקט מיט דער פּאַטשיילע.

איך בין צוגעגאַנגען און אַוועקגערוקט די קופּקע.

— מאַרגאַרעטאַ!?

— ניין! איך קען איהם ניט, — האָט זי פּראָטעסטירט.

דער אוידיטאָר האָט געקלאַפּט מיט׳ן האַמער.

— ווי לאַנג האָסטו געוואוינט אין איהר הויז, הער אָבעראַרצט?

— הם...

— און ווייסטו, ווער עס האָט געהאָלפען דער פריצע אַנטלויפען? — האָט זיך אַריינגעמישט אָבער־לייטענאַנט גראַבאָווסקי — אַ געפעהרליכער, ריקזיכטלאָזער מענשען־פיינד, אַן אַמאָליגער פּראָקוראָר אין ציוויל, וועלכער איז אויך געווען דער אַנקלאָגער אין דעם פּראָצעס...

— יאָ! ניין!

— ניין! — האָט זי זיך ווידער צושריען, — איך קען איהם ניט!

— און ווייסטו, ווער עס האָט איהר פאָרראַטען דעם טאָג פון אונזער אַפּענזיוועַ? — האָט דער בלוטדורשטיגער פּאָליאַק איינגעבויערט זיינע קליינע קאַסאַקע אויגעלאַך אין מיינע ליפּען.

— איך, ע... ניין, יאָ... דאָס הייסט... ע...

אין געריכטס־זאַל איז געוואָרען שטיל ווי אין אַ מויז־לאָך. די אָפיצירען האָבען פאַרשפאַרט דעם אָטעם. אַלע אויגען זיינען געהאַנגען אויף מיינע ליפּען.

איך האָב מיך גאָר אינגאַנצען פאַרלוירען. איך האָב געקאָנט צו גוט מיין געוועזענעם פּראָקוראָר, כדי צו וויסען וואוהין ער ציעלט. ער האָט געציעלט אויף מיין קאָפּ, דער נידערטרעכטיגער פאַרשוין. איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט מיט מיר אַלטע חשבונות, וועלכע ער וויל אָפּנים איצט איינקאַסירען.

— איהר ענטפערט ניט, הער אָבער־אַרצט?

איך האָב געזוכט מיין פריינד אָבער־לייטענאַנט בראַנדמאַרק. ער איז געשטאַנען לעבען אָבערסט הילאַי, וועלכער האָט ביי־געוואוינט דעם פּראָצעס אין אַ ווינקעלע. זיי האָבען זיך געשושקעט. איך האָב געזעהן: דער אַלטער אָבערסט האָט געשאָקעלט: ניין!

מילא! איך האָב אויפגעהערט צו ענטפערען קלאָץ־קשיות.

— אַנטאָן מאַגאַלעסקא! — האָט זיך דער איידעלער פּאָליאַק געגלעט דאָס בייכעל מיט גרוים הנאה — קענט איהר דעם העררן אָבער־אַרצט?

איך האָב איהם ערשט איצט באַמערקט. אַ לאַנגער, רויטער שייגעץ, אָפּגעפּרעסען ווי אַ בער, און אָנגעטאָן אין רומענישע סאָלדאַטסקע קליידער. ער האָט געהאַקט ווערטער! ער האָט גערעדט ווי פון אַ ספר־פּראַלניק: מאַרגאַרעטאַ איז אַ שפּיאָן! דער דאָקטאָר איז אַ שפּיאָן! אַלע זיינען שפּיאָנען — נאָר ער

אליין איז גאָט די נשמה שולדיג, ממש אַ זיידען בחור׳ל, — האָט ער געברעשעט ווי אַ הונט.

דער אָבערסט איז פּלוצים אַרויס פון די כלים. ער איז צוגעשפּרונגען צום טיש און אויפגעהויבען אַ שפּיציגען פינגער צו דער גאוה׳דיגער נאָז פון׳ם אַנקלאָגער:

— ווּעמענס פּראָצעס איז דאָס, הער אָבער־לייטענאַנט?

— דער פּריצע׳ס, הער אָבערט.

— ניט דעם דאָקטאָר׳ס, הע?

— איך וועל ניט צולאָזען אַז מען זאָל אַ טאַפּפערן פּראָנט־אָפּיציר קאָנפראָנטירען מיט אַ רומענישען דעזערטיר! — האָט ער געקלאַפּט מיט די פויסטען אויפ׳ן טיש!

— זעהר גערעכט, הער אָבערסט! — איז ביי אַלעמען אַראָפּ אַ שטיין פון׳ם הארצען.

דער איידעלער פאָן גראַבאָווסקי האָט זויער־זיסלאַך מיט־געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געפּרואווט זיך אַרויסדרעהען פון׳ם פּלאָנטער. אָבער די ווערטער זיינען איהם שטעקען געבליבען אין גאָרגעל. ער האָט איבערגעריסען דאָס שטריקעל מיט זיין חשק צו פאַבריצירען אַ סקאַנדאַל.

אָבער־לייטענאַנט בראַנדמאַרק האָט מיך אַרויסבאַגלייט פון׳ם צימער.

— דו ביסט אַ פערד, דאָקטאָר!

— אַ חמור, — האָב איך מיט איהם איינגעשטימט.

— די פרוי... הם... פאַרוואָס האָסטו מיר נעכטען ניט געזאָגט, אַז דו ביסט פאַראינטערעסירט אין דער פרוי?

— נו, און היינט? וואָס איז היינט?

— היינט איז ניט נעכטען... זי וועט הענגען!

— הענגען? ה...ע...נ...ג...?

— הם... עס טוט מיר לייד, אָבער עס איז צו שפּעט זי צו ראַטעווען. נאָר דער אָבערסט קאָן מאַכען פון הענגען — שיסען...

— נעהם מיט א סך געלט פאר היינט ביינאכט! און פארליר, פארליר...

שיסען אדער הענגען? איך האב פארלוירען...

ט.

איך בין געגאנגען זי זעהן א פאר שעה פאר דער עקזעקוציע. זי האט געקניעט און געדאווענט צו דעם, וואס איז געווען אויף דער תליה, כדי צו עפענען די טויערען פונ'ם הימעל פאר די, וואס האבען געזינדיגט. איהר פנים איז געווען בלאס, אבער רוהיג, אהן א כמארע אויפ'ן גלאטען שטערען. זי האט אויס־געזעהען ווי א הייליגע.. איך האב זי אויפגעהויבען פון דער ערד און זי אנידערגעזעצט אויפ'ן אייזערנעם בעטעל נאהענט צו מיר. מיר האבען זיך צערעדט ווי אלטע גוטע פריינד. זי האט מיר דערצעהלט ווי אנטאן האט זי פאר'מסר'ט פאר די עסטרייכישע מיליטערישע באהערדען; ווי מען האט זיך נאך איהר נאכגעיאגט און געהעצט זי פון שטאדט צו שטאדט, פון הויז צו הויז; ביז מען האט זי געכאפט נאך חדשים פון באהאלטען זיך. זי איז איהם מוחל! זי דענקט וועגען איהם ווי א מאמע וועגען א קינד. א שוואך קינד! זי האט מודה געווען אלצדינג! זי איז גליקליך, וואס איך בין כאטש געבליבען פארשוינט פון דער מסירה! דאס וואלט איהר ניט געווען געגעבען קיין רוה אין גרוב. אבער גאט זיי דאנק דערפאר. זי האט זיך געצלמ'ט און זי איז ווידער אריין אין א מיסטישען עקסטאז.

איך האב געהאלטען איהרע הענט — די הענטעלאך פון א קינד. איך האב זי געגלעט מיט אינטימער פריינדשאפט.

— מארגארעט — דו ביסט א הייליגע! — אין הימעל איז ניטא דיין גלייכען! גאט אליין איז אין דיר פארליבט! טאקע דערפאר פייניגט ער דיך אזוי שרעקליך...

א בלאסער שמייכעל האט באלויכטען איהר פנים, ווי די לבנה אין א פארנאכט.

— דו ביסט א קינד! א גרויס קינד! א טייער קינד! איך האב דיר געטאן אומרעכט, ליעבער דאקטאר...

מיר האבען זיך דערמאנט אן אונזער ערשטער באגעגעניש. זי האט נאך אמאל איבערגעלעבט אונזער ערשטען געשפרעך אין איהר הויז. מיר האבען ווידער גערעדט וועגען ליטעראטור. זי האט זיך באגייסטערט פאר מאלעריי. זי האט נים קיין זין פאר מוזיק... איהר גאנצער אויפנאהמס־פארמעגען קאנצענטרירט זיך אין די אויגען... זי דענקט אין פארבען און אין בילדער... זי פארגעסט נים לייכט וואס זי האט געלעזען... אויך געדיכטע מוז זי לעזען, כדי זיי צו געדענקען... פונ׳ם הערען האט זי נים קיין סך נוצען... זי האט א פלאסטישע אויפפאסונגס־קראפט... אבסטראקטען זיינען איהר פרעמד... זי איז תמיד געווען שוואך אין אריטמעטיק... דערפאר האט זי מיט לייכטקייט אויפגעלייזט געאמעטרישע פראבלעמען...

יא, די אויגען! און ווער האט נאך אזוינע אויגען, ווי מארגארעטא?

די צייט איז געלאפען ווי א שטורם־ווינט. דער זייגער האט זיך גערוקט מיט דער געשווינדקייט פון א לאווינע. מיר האבען ביידע פארגעסען די טרויעריגע ווירקליכקייט. מיר האבען געלעבט אין אונזער אייגענער וועלט, ווייט פון דער ערד מיט איהר יאמערטאל.

א סאלדאט איז אריינגעקומען:

— צי זי האט א לעצטען וואונש?...

זי האט איהם אוועקגעמאכט מיט דער האנט. עס האט זי אנגעהויבען שטיקען.

— מיינע קינדער! מיינע ארימע שעפעלאך! — האט זי קוים ארויסגעבראכט.

איך האָב איהר צוגעזאָגט, אַז איך וועל די קינדער מיט־נעמען צו איהר שוויגער.

זי איז אויפגעשטאַנען:

— ליעבער דאָקטאָר! לאָזט מיך אליין! איך וויל זיין אליין — מיט גאָט.

— לעבט וואָהל! ל—ע—ב—ט...

זי האָט ארומגענומען מיין קאָפּ און מיך צוגעדריקט צו איהר הארץ. זי האָט מיר געגעבען אַ קוש, אַ הייליגען קוש — אַ קוש פון אַ מאַדאָנאַ...

אין דרויסען! איך האָב געוויינט...

* * *

אין צוג מיט איהרע צוויי קינדער. זיי זיצען אויף מיין שויס ווי אין די אַלטע גוטע צייטען. ארום זיי וואַלגערען זיך שפּילעכלאך און פּודעלאך מיט באַנבאָנעס און מיט טשאָקאָלאדעס, וועלכע איך האָב אָנגעקויפט פאַר זיי.

די קליינע וויינט:

— מאַמע! מיין מאַמושקאַ זיסע!

די גרעסערע, קוים זעקס יאָהר אַלט, טרייסט זי:

— שטיל, נארוניע! מאַמושקאַ איז געגאַנגען אין הימעל אריין... זי וועט ברענגען פּאַפּושקאַ... און מאַמושקאַ וועט דיר ברענגען קליינע מלאָכים'לאך.

איהרע ליפּעלאך ברעכען זיך צום וויינען:

— און מאַמושקאַ וועט ברענגען שעהנע טאָקע'לאך...

— טאָקעלאך... פּרואוו איך נאָכזיננגען, אָבער דאָס הארץ ברעכט. עס טוט וועה, דאָס נארישע הארץ...

# שמע ישראל

א.

עס איז געווען אין אַ ווינטער־טאָג, אין אַ געדיכטען וואַלד אויף די קאַרפּאַטען־בערג. אַ קאַפּריזנע זאַווערוכע האָט זיך גע־שפּילט מיט די שניי־פּאַרפּעל און זיי צעשיט ווי פּעדערען פון אַ צעריסענער ציך. עס האָט געבלאָזען אַ קאַלטער ווינט. די בוימער האָבען זיך געריסען צו אַנטלויפען. די צווייגען האָבען געסקריפּעט דעם ווינד'ס טויטען־מאַרש. די וועגען זיינען געווען פאַרווייעט און די סטעזשקעס פאַרשאָטען. דער פראָנט איז געווען אָפּגעשניטען פון דער לעבעדיגער וועלט.

פונדעסטוועגען האָט דער פראָנט ניט גערוהט. מען האָט גע־קעמפט אַ ביטערען קאַמף. מען האָט זיך פאַרביסען מיט די ציין אין די שפּיציגע אייז־גרודעס און געגראַבעלט מיט די נעגעל די פאַרפרוירענע שטיינער. מען האָט ניט געוואָלט זיך אונטער־געבען, ניט דעם פיינד, און ניט די צובייזערטע עלעמענטען.

די קאַנאָנען האָבען געהאַלטען אין איין דונערען און די קוי־לען זיינען געפלויגען און זיך פאַרהערט מיט'ן וויכער — ווער עס קאָן בעסער סווישטשען. מענשען זיינען געפאַלען אין מאַסען און זיך געקייקעלט אין שניי ווי קופּקעלאך מיסט. עס איז געווען אַ נודנער, אַ זינלאָזער קאַמף — אַ קאַמף אַרום דעם שניי.

מיין הילפס־פּלאַץ איז געווען אָנגעפּילט מיט פאַרוואונדעטע: אונגאַרן, סלאָוואַקען, רומענען, דייטשען, און אידען. יעדער האָט געקרעכצט אין זיין אייגענעם מאַמע־לשון. יעדער האָט געבעטען און געפלוכט זיינע אייגענע הייליגע. אַן ערב־רב פון לשונות — אַ בזית פונ'ם אַלטען עסטרייך־אונגאַרן. אויך ניט־עסטרייכישע

סאָלדאַטען זײַנען געװען צװישען די פאַרװאונדעטע. זײ האָבען געקעמפט אויף אונזער רעכטען פליגעל און מײן הילפּס־פּלאַץ איז געװען די נאָהענטסטע רעטונגס־סטאַנציע פאַר זײערע צושאָסע־נע קרבנות.

ב.

איך האָב פאַרבונדען אײנעם, אַ פרעמדען אונטעראָפיציר, מיט אַן אָפּגעשאָסענעם פוס. דער פוס האָט איהם נאָכגעהאַנ־גען װי אַן אָפּגעטרענטער אָרבעל אָן דעם אונטערשלאַג. ער איז געװעזען אַן אינטעליגענטער סאָלדאַט און אַן אמת׳ער העלד. ער האָט געהאַט גרױסע יסורים. אָבער ער האָט ניט געגעבען קײן קרעכץ. איך האָב מיט איהם געהאַט מיטגעפיהל. איך האָב איהם געגעבען צו פאַרזוכען פון׳ם פלעשעל.

— פּראָסיט, קאַמעראַד! איך װעל דיך באַלד איבערשיקען אין אַרמײ־שפּיטאָל װאו מען װעט דיר אמפּוטירען דעם פוס. הם... מילא... זאָל זײן אַ פוס װעניער, אַבי געזונט!

דער אונטעראָפיציר האָט געגעבען אַ טיפען „זאַכפאַרשטענדי־גען" זופּ און די פלאַש איז געבליבען ליידיג. ער האָט געגעבען אַ שפּײ!

— אױ, דער פאַרפלוכטער איד...

דער קאָמפּלימענט איז געװען געמײנט פאַר אַ שכן זײנעם, אַ איד מיט אַ לײכטען װאונד אויפ׳ן שאַרבען, װעלכער האָט גע־װאַלדעװעט מעהר פון אַלעמען: — שמע ישראל — ער האָט געהאַלטען אין אײן שרײען שמע ישראל.

— שמע ישראל...

— פוי, דער איד! איך װאָלט איהם געקאָנט דערװאַרגען, דעם איד! — האָט דער אונטעראָפיציר געפּרואװט זיך אויפ־הויבען — אָהן דעם פוס.

— שמע ישראל... שמע...

— הער אויף, דו שװײן! — איז ער אַרויס פון דער סאָל־

דאַטסקער דיסציפּלין. — העָר אויף! האָט רחמנות פאַרשטאָפּט איהם דאָס מויל, פאַרשטומט דעם חזיר׳שען פּיסק, — האָט ער זיך געטאַפּט ביים ליידיגען רעוואָלווער־טאַש. — איד, איד, הער אויף צו מאַטערען מיך!

— וואָס־זשע, פּאַסט דיר ניט אפשר דאָס אידישע געבעט? הע? — האָט מיך די זאַך אָנגעהויבען פאַרדריסען.

— אַ...ח...ד — איז דער איד אַריין אין אַ קדושה־נגון — דעם גוי אויף צו להכעיס.

דער סאָלדאַט האָט געציטערט. ער האָט זיך געוואָרגען מיט די אייגענע קללות. אַ מרה־שחורה האָט אויסגעפּילט די קנייטשען פון זיין שטערן. זיינע אויגען האָבען געבלאָנדזשעט אין אַ וויטער פּוסטקייט. זיין בליק האָט זיך געטרונקען אין אַן אָפּגרונט פון טעראָר.

איך האָב געהאַט חרטה אויף מיין כעס. איך האָב דערמאָנט דעם שלים־מזל׳דיגען חזן, אַז ער איז ניט אין קלויז, און אַז איך בעדאַרף ניט קיין שליח־צבור אויף מיין הילפס־פּלאַץ... מילא, אַן אַנטיסעמיטישער אַבעראַרצט! וואָס קאָן ער טאָן? האָט ער נאָכגעלאָזען אַ האַלבען אַקטאַוו.

איך האָב זיך געווענדעט צום אונטעראָפיציר:

— זייט ניט ברוגז, קאַמעראַד!

ער האָט מיך אָנגעקוקט גלייך ער וואָלט מיך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן. זיין בליק האָט מיך בודק געווען ווי אַ שוחט די בהמה.

ער האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה. אויף זיין שטערן זיינען אַרויס פאַרגליווערטע שוויים־טראָפּען.

— איהר ווילט עפּעס, קאַמעראַד? — האָב איך געפּרואווט אויפמונטערן איהם.

— איך האָב באַגאַנגען אַ פאַרברעכען...

— דער איד... הם...

— איך האָב גע׳הרג׳עט אַ איד!

— גע׳הרג׳עט אַ איד? נו מילא, קריג איז קריג און מען קען ניט קוקען דעם פיינד אויף דער מילה.

— איך האָב גע׳הרג׳עט אַ איד! — זיין שטים איז געוואָרען האַרט ווי שטאָל. זיין פנים האָט אָנגעטאָן אַ מאַסקע פון פאַרביטענקייט און פאַרצווייפלונג. זיין צונג האָט זיך געריסען ווי אַ געפּענטער לאָשאַק. זי האָט איבערגעביסען דאָס צוימעל.

ער האָט דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט גע׳הרג׳עט אַ אידען...

ג.

— עס איז געווען... אין די רוסיש־פוילישע בלאָטעס — האָט ער זיך אָנגעהויבען דערמאָנען. אונזער אַרמיי האָט פאַרפאָלגט די צוקלאַפּטע רוסישע דיוויזיעס. דער פיינד האָט צושטערט די בריקען און אויפגעריסען מיט דינאַמיט די וועגען. מיר האָבען פאַרלוירען דעם קאָנטאַקט מיט׳ן שונא. מיר זיינען געווען אָהן אויסקונפטען. איך האָב באַקומען דעם באַפעהל אויסצופאָרשען די אַרומיגע וועלדער. אַ פּאַטרול סאָלדאַטען האָט מיך באַגלייט.

— איך בין געווען אַן עקספּערט אין „רעקאָגנעסאַנס־אַרבייט",

— האָבען זיך אין זיין מאָנאָטאָנער הקדמה אריינגעכאַפּט באַריהמערישע נאָטען. איך בין געווען אַ דעטעקטיוו אין ציוויל... איך האָב אויך געקאָנט אַ ביסעל פויליש און איך האָב פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַרויסצוטרייסלען וויכטיגע אינפאָרמאַציעס פון דער היימישער באַפעלקערונג. איך האָב מיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט גרויס פאַרטרויען...

— נאָהענט צום וואַלד האָב איך געפונען אַ קרעטשמע. אין דער קרעטשמע איז געזעסען אַן אַלטער איד און זיך געשאָקעלט ביי אַ לאַנגען ספר. ער האָט געזונגען עפּעס אַ געבעט. איך האָב איהם אַ פרעג געטאָן:

— איד! געהערט עפּעס פון׳ם פיינד?

— ניין, ניטאָ קיין פיינד! די מאָסקאָליעס האָט די ערד פאַרשלונגען.

— אויב איך בין זיכער? העו! העו! כ'קום ניט לאַנג צוריק פון'ם וואַלד! ניט געזעהן קיין שפּור פון די רוסען!

— און זאָגסט דו וואַרהייט, דו איד? — האָב איך איהם א טרייסעל געטאָן.

— אויב דאָס איז אמת? אוי, שוין איינמאָל אַן אמת! ווי דאָס איז וואהר — האָט ער געטייט מיט'ן פינגער אויף די געלע, אָפּגעבליאַקעוועטע בלעטלאַך פון'ם הייליגען בוך.

— א פאַלשער עדות, דיין אידישער ספר־פּראַלניק, — האָ־בען מיר זיך געוועדטעלט. אָבער מיר האָבען געגלויבט דעם איד'ס ווערטער. מיר זיינען אריין אין וואַלד — אָהן א זאָרג. מיר האָ־בען זיך ניט געריכט אויף קיין שום איבעררעאַשונג. מיר האָבען געוואָלט וואָס גיכער אריבער אויף יענער זייט וואַלד, וואו מ'וועט אפשר געוואָהר ווערען עפּעס מעהר פון'ם פיינד'ס באהעלטעניש.

— מיר האָבען מאַרשירט אין א געשלאָסענע קאָלאָנע צו פּאַרלאַך, ווי געווענ — איז ער געוואָרען סאַרקאַסטיש — די ביק־סען האָבען זיך באַקוועמלאַך געהוידעט אויף אונזערע אַקסלען, גלייך, ווי מיר וואָלטען געגאַנגען קלייבען צינעצעס. מיר האָבען זיך צוגעברומט א גאַסען־זמר. מיר האָבען זיך געפיהלט גאַנץ „קאָמאָד" אין געדיכטען וואַלד, ווי אויף א פּאָלעוואַניע אויף האָזען. א דומקאָפּ, וואָס איך בין געווען! אָ, פּאַרדאַמטער פּערדסקאָפּ — האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף זיך אַליין מיט גרויס אימפּעט. דער צושאָסענער פּוס האָט איהם דערמאָנט, אַז ער איז ניט קיין סאַמאָוואָליעץ. די אויגען זיינען איהם אַרויס פּאַר יסורים. דעם שפּיציגען מויל האָט ער פאַרבויגען ווי ביי א רויב־פויגעל. ער האָט געזיפצט די ווערטער ווי דורך א רעשעטע.

— פּופּצעהן זיינען מיר געווען. פּופּצעהן האָבען מיר אריינ־מאַרשירט אין וואַלד אריין — צוויי זיינען מיר צוריקגעקומען... אין מיטען וואַלד האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אויף פיינדליכע „נאַכהוטען". זיי האָבען, אפנים, אויף אונז געוואַרט. ניט געווען קיין צייט זיך צו פאַרטיידיגען. מיר זיינען אריין אין די אָפענע

גאָרגעלס פון פיינדליכע מאַשינען־געוועהרען און... פון מיין אָפּטייַ־לונג איז געבליבען — אַ קופּע ביינער. מיינע קאַמעראַדען! מייַ־נע טרייע קאַמעראַדען — זיי האָבען מיר אַזוי בלינד פאַרטרויט...

ד.

עס איז געוואָרען שטיל. די קראַנקע האָבען אויפגעהערט קרעכצן. זיי האָבען געשלונגען די זיפצען. זיי האָבען אויפגעשטעלט די אויערען. אויך דער פראָנט האָט זיך בארוהיגט. נאָר אַ פּאָר פאַרבלאָנקעטע קוילען האָבען אונטערגעפייפט, ווי די תקיעה צו נעילה. דער אומגליקליכער פּאַטרולען־קאָמענדאַנט האָט געדומעט. זיין נשמה האָט זיך געוואַלגערט אויף די פּוילישע בלאָטע. זיינע אויגען האָבען געזוכט די דרייצעהן קאַמעראַדען, וועלכע ער האָט געפיהרט צו דער יאַטקע, זיינע געפיהלען האָבען זיך אויס־גע׳טענה׳ט מיט זיי; ער האָט זיי געבעטען מחילה...

— דער איד! דער יודאס! — האָט מיין סאַניטעטס־לייטע־נאַנט זיך אַ ביס געטאָן אין צונג.

— הם... דער פאַררעטער, מיין איך, ער האָט פאַרדינט, אַז מען זאָל איהם לעבעדיגערהייט... באַגראָבען מיין איך — האָט ער זיך געפּרואווט אויספּלאָנטערען.

— באַגראַבען... באַגראַבען... — האָט דער אונטעראָפיציר אַ ציטער געגעבען.

— באַגר... — האָט ער נאָך אַ ווייל אָנגעהויבען אויפציילען די פּאַטשערקעס פון זיינע פאַרווירטע געדאַנקען. גר... — זיין קול איז געווען אַ הייזעריגער און אַ געשטיקעוועטער. זיינע ווערטער זיינען געווען שווער ווי שטיקער בליי. זיי זיינען געפאַלען הארט, ווי שטיינער. ער האָט דערצעהלט:

— מיר זיינען געווען פופצעהן... צוויי האָבען מיר זיך צו־ריקגעשלעפּט פון׳ם וואַלד. צוויי — ביידע פאַרוואונדעטע.

— מיר זיינען אריין אין קרעטשמע. דער איד איז ניט געווען.

— וואו איז דער יודאס?

קיינער ענטפערט ניט.

— איך האָב גענומען שלאָגן די אידענע און געקאָפּעט די קינדער מיט די שטיוועל.

די קינדער שרייען... די אַלטע שווייגט...

— איך האָב איבערגעקעהרט די ביקס און געהאקט קעפּ מיט דער קאָלבע:

— וואו איז דער זשידאָווסקער פּאררעטער?

— ביי די רוסען, הע... הע...

— איך האָב מיך אומגעקוקט. לעבען מיר איז געשטאַנען אַן עלטערער פּריץ מיט פּאַרריסענע וואָנצעס און די הויזען איבער די כאָליעוועס. ער האָט מיר אָנגעבאָטען אַ ציגאַר.

— איהר זוכט דעם אידען? הם? אומזיסט אייער מיה! מאָשקע איז ביי די רוסען... געגאַנגען מאָהנען זיין יודאס-לוין... מאָטשום פּאַניע.

— ביי די רוסען? ביי די...? מיין כעס האָט געזאָטען ווי אַן אָקראָפּ... איך האָב אויפגעהויבען די אידענע און געשלעפּט די צובלוטיגטע קינדער צו דער וואַנט:

— אָט שטעהט אויף געהאַקטע וואונדען — האָב איך אָנגעהויבען לאָדען מיין ביקס. — דער אידישער הולטאַי זאָל האָבען זיין לוין — האָב איך גענומען צילען אויף די איבערגעשראָקענע קינדער.

— אַ געשריי — און מאָשקע איז מיר געלעגען ביי די פיס. מיר געלעקט די שטיוועל מיט דער צונג, זיך געלאַסטשעט צו מיר ווי אַן אָנגעטראָטענע שלאַנג.

— געמאַכט אַ מסחר, מאָשקע? פאַרקויפט הארציגען סאָלדאַטען-בלוט פאַר פאַרשימעלטע רובעלס, הא?

— קיין ענטפער, נאָר אויגען, גלעזערנע אויגען.

מיין רציחה איז געוואַקסען, ווי די כוואַליעס פונ'ם ים.

— ענטפער, דו יודאס, — האָב איך איהם גענומען ממית'ן.

אַ ציטער פון די ליפּען, אָבער קיין וואָרט. ער רעדט ניט. ער

האָט ניט וואָס צו זאָגען... מיין כעס האָט ניט געהאַט קיין גרעניץ. איך האָב אָנגענומען דעם איד ביי דער באָרד און איהם אַרויס־געשלעפּט פון דער שטוב, ווי מען שלעפּט אַ נבלה. אין גאָרטען האָב איך איהם דערלאַנגט אַ ריסקאַל...

— גראָב, דו זשיד!

— דער איד האָט געגראָבען... מיר צוגעוואָרפען אַ בליק פון אַ געשמיסענעם הונט און ניט אויפגעהערט צו גראָבען. ער האָט עס געוואוסט: ער האָט געגראָבען זיין אייגענעם קבר... אין דעם גרוב האָב איך איהם פאַרשאַרט... די קינדער זיינען געשטאַנען און זיך געצאַפּעלט. זיי האָבען מורא געהאַט צו וויינען. די קאַלבע האָט געבראָכען ביינער...

— אויף דעם קבר איז אויפגעוואַקסען אַ בערגעל. די אַלטע אידענע, וועלכע איז געלעגען אַ פאַר'חלש'טע, האָט זיך דערוויייל אויפגעמונטערט. זי האָט דערזעהן דאָס געשעהענע. זי האָט אויפגעהויבען ביידע הענט צום הימעל. זי האָט געשריגען אין אַ יאָמערליכען קול:

— שמע ישראל! — איז דער אידישער פאַרוואונדעטער אַריין אין אַ וויין־קראַמפּף.

— שמע ישראל! — האָט איהם דער אונטעראָפיציר נאָכגעזונגען אין אַ גוי'אישען נוסח.

— שמע ישר...

ה.

אין שטוב איז געווען האַלב־טונקעל. דורך דער ריבע האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט אַ פלאַמיגע צונג. אַ רויטער שיין האָט לצ'ניש געטאַנצט אויפ'ן פּנים פונ'ם רוצח. דער טויטער איד האָט געוואָרפען אַ לאַנגען שאָטען. אַלע האָבען איינגעהאַלטען די אָטעמס.

— דער שליטען!

— דער שליטען — איז אריין אַ חיות אין די אויסגעמוטשע־טע, אויסגעבלוטיגטע מענשען־הערצער. — דער שליטען איז דאָ.

פון דערווייטענס האָט זיך געהערט דאָס פאָרסקען פון פערד און די פערד־שפּראַך פונ'ם בעל־עגלה. דער סאַניטעט־שליטען איז געקומען איבערפיהרען די פאַרוואונדעטע אין דעם אַרמיי־שפּיטאָל.

— דער שליטען! דער שליטען! — האָבען געקרעכצט, געלאַכט, געיובל'ט און געפרעהט זיך די, וואָס האָבען ניט פאַרלוירען די האָפנונג צו לעבען.

דער רוצח האָט ניט געהערט דעם שליטען. אַ טיעפער אומעט איז איהם באַפאַלען. ער האָט געזוכט מיטגעפיהל. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— איך האָב געזאָגט מיין ודוי... איך האָב באַגאַנגען אַ שרעקליכען פאַרברעכען. דער פּריץ! דער טיוועלשער פּריץ... אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען געכאַפּט דעם פּריץ. מען האָט איהם אויפגעהאַנגען. ער האָט זיך מודה געווען פאַר'ן טויט: ער איז געווען אַ פאַרשטעלטער רוסישער שפּיאָן! דער איד איז געווען אומשולדיג. די צונג איז איהם געלעהמט געוואָרען פאַר מורא. דער איד...

— שמע ישראל!

— שמע ישראל! — האָט די זאווערוכע צובלאָזען דעם בת־קול פונ'ם אוועקפאָהרענדען שליטען.

— שמע ישראל... אַ אידישער חזן מיט אַ גוי'אישען משורר... ש—מ—ע י—ש—ר—א... אַ... א...

* * *

א באַמערקונג און אַ ענטשולדיגונג: איך וויל מודה זיין, אז נאָכדעם ווי די ווידוי איז שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָב איך חרטה באקומען. נאָך וואָס אויפרייסען אַלטע וואונדען? איך האָב אָפּגעמעקט די נאַציאָנאַליטעט פונ'ם

מערדער. אלע נאציאָנען וועלען זיך פון איהם אָפּזאָגען. אין קריג זיינען זיי געווען אלע גלייך: רוי, אוממענשליך, פּרימיטיוו און בעסטיאליש. היינט שפּרינגען זיי קדושה. נו, מילא, נאָך וואָס זיי שלעפּען ביי די פּסל'ע ציצית? פאַרוואָס דערמאָנען איין נאַציע און פאַרשווייגען אַן אנדערע?

איך האָב אויך ניט דערמאָנט דעם נאָמען פון'ם אונטעראָפּי־ציר. ער איז ניט געווען איינער אויפ'ן יריד. ער איז געווען א רינג אין דער שרעקליכער קייט. און וואָס ווייסט א רינג וואוהין די קייט שלעפּט? איהם אָנרופען ביים נאָמען? אפשר איז ער איצט א טאַטע פון קינדער, וועלכע חלום'ען וועגען טאַטענ'ס העל־דענשטיק, און זיינען איהם מקנא וואָס ער האָט געהאט די זכיה צו הרג'ענען מענשען? אָדער, אפשר איז ער גאר א גבאי אין א קלויסטער? א מאָראל־פּרעדיגער? א צענזאָר פון מעשים טובים? נאָך וואָס איהם דערמאָנען, אז ער האָט באַגראָבען א איד'ן לעבע־דיגערהייט? ווי ענטיג אידען האָט מען גע'הרג'עט בשעת דעם קריעג און נאָכ'ן קריעג?

ער האָט געזאָגט וידוי! מילא, איך בין איהם מוחל.

# אַ פערד איז אַ פערד

א.

אָבערלייטענאַנט פערענצי האָט געהאַט אַ פערד. אַ פערד מיט קאַפּיטעס.

ער האָט איהם, פלעגט ער זיך באַריהמען, ערװאָרבען אויפ'ן שלאַכט־פעלד. דערשאָסען אַ קאָזאַק און צוגענומען זיין פערד.

דער פערד איז געװען אַ װאונדערשעהנער קאַשטאַן מיט אַ לאַנגער גריװע, װי ביי אַ לייב. ער האָט געהאַט אַ װייסען חן־פלעק אויפ'ן שטערן, צװיי אַריסטאָקראַטישע נאָזלעכער און גרויסע פאַר'חלומ'טע אויגען פון אַ דיכטער. ער איז געװען אַ מאָדעל פון פערדישער שעהנקייט, מיט אַ סאַמעטענער הויט, דורך װעלכער עס האָט דורכגעשיינט אַ נעץ פון פיינגעפלאָכטענע צאַרטע אָדערען. די פיס זיינען געװען גלייך װי אַ װירע. מען האָט איהם גערופען „קאָזאַק" און אַ קאָזאַק איז ער געװען! ער האָט געהאַט אַ טעמפּעראַמענט פון אַ װיכער און קאַפּריזען פון אַ פּרימאַדאָנאַ. ער איז געװען שטאָלץ און פאַר'עקשנ'ט און האָט פיינט געהאַט פּראָסטאַצקע מאַניערען. איין מאָל באַליידיגט, האָט מען איהם ניט געקאָנט איבערבעטען אַפילו מיט צוקער.

קיינער האָט אויף איהם ניט געקאָנט רייטען. שפּאָרען האָבען ניט געהאָלפען. אָבער פערענצי איז געװען אַ זון פון דער אונגאַרישער פּושטאַ און ער האָט גע'שמ'ט פאַר'ן בעסטען רייטער פון דעם רעגימענט. עס האָט איהם געקאָסט שװערע מיה צו באַװעלטיגען דעם „קאָזאַק". אָבער מיט דער צייט האָט דער פערד אויפגעגעבען דעם קאַמף. ער האָט זיך געבויגען פאַר'ן אָבער־

ליטענאנט׳ס אייזערנעם ווילן. זיי זיינען געווארען פריינד, דער אונגאר און דער „קאזאק”.

איך געדענק אן עפיזאד. מיר האבן געוואלט פאהרען שפא־צירען. מיר האבן צונויפגעשפאנט דעם קאזאק מיט מיין „באשע”. מיין באשע האט געצויגען און געשלעפט מיט כל אמצי־כחות. דער קאזאק האט צוריקגעשטופט דעם דישעל. באשע האט איהם גע־שלעפט מיט׳ן דישעל. דער קאזאק האט איהם געביסען אין די אויערען און געפיצקעט מיט די פיס. איך בין געווארען אין כעס. איך האב איהם דערלאנגט א בייטש. ער האט זיך אויסגעדרעהט און מיך אנגעקוקט מיט א בייז אויג. אבער ער איז געגאנגען. ביז מיר זיינען געקומען צו א לאנגער הילצערנער בריק אויף דעם צשי־סא־טייך. דער קאזאק איז געבליבען שטעהן: „נע פאידו”. איך האב געדראהט און געפלוכט. דער „קאצאפ” האט מיך געהערט ווי דעם לאמפ. ער האט געשטופט דעם וואגען אין טייך אריין. איך בין ארונטער פונ׳ם וואגען און איהם געפרואווט נעמען ביי דעם צוימעל. ער האט זיך צופאלאשעט און מיך איבערגעלאזט איינעם אליין אויף דעם בריק. איך האב אין איהם געקראגען א דם שונא. ער האט מיך פיינט געהאט ווי א שפין.

— זעהסטו דאך, נו, אז ער איז אן אנטיסעמיט, מיין פערד— האט זיך דער אבערלייטענאנט געוויצעלט.

## ב.

א פארמארש אין שונא־לאנד.

איך רייט מיט׳ן באטאליאנס־שטאב אויף א פינסטערען וואלד־וועג. די קאמפאניעס שלעפען זיך נאך, מיד און פארשלאפען. מיר ערווארטען ניט דעם שונא. מיר דרעמלען זיך צו אויף די פערד. דער מארש דויערט שעה׳ן לאנג. די קאפיטעם פויקען אויף די אפגעצוואויגענע קארניעס א מאנאטאנען וויג־ליד. קיינער רעדט ניט קייןווארט. נאר א פאר שנארכען. אויף איינמאל א וויטער הירזשע פון א פערד. אונזערע פערד ווערען אומרוהיג. זיי

הויבען אָן צו טאַנצען אויף די הינטערשטע פיס. זיי פאַרסקען. זיי הירזשען צוריק. דער בת־קול צעטראָגט דעם פערדישען אָרקעס־טער. מיר רייבען די אויגען. אַ פייף! עס פליהען קוילען. אַראָפּ פון די פערד! אריין אין וואַלד אריין צווישען די געדיכטע ביימער. שיסען! עס ווערט אַ העלישער גערויש. פוק, פוק, פוק — מען האַלט אין איין קיצלען די ביקסען. שיסען! וואוהין, וועמען? די נאַכט האָט איהרע סודות...

עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען. מיר הויבען זיך אָן אַרומ־קוקען. ניטאָ קיין צייכען פון׳ם פיינד. אַ מאַסע טויטע. מיר האָבען געשאָסען אויף אייגענע! מיר זוכען אַרום דעם וואַלד. אַ פּאָר טויטע רוסישע רייטער. שיריים פון אַ קאָזאַצקער פּאַטראָל. מיר צעהלען אונזערע פאַרלוסטען. מיר זיינען בייז אויף זיך אַליין.

ג.

דעם אָבערלייטענאַנטס׳ם פערד קומט צושפּרינגען! אַ פערד אָהן אַ רייטער! וואו איז דער אָבערלייטענאַנט? ער קרעכצט, דער פערד. ער ניאַכעט מיט די נאָזלעכער. ער צופּט מיך ביים אַרבעל. איך כאַפּ מיך אַרויף אויפ׳ן זאָטעל. איך לאָז נאָך די צוגלעס. ער שפּרינגט איבער פעניעס און איבער קלעצער. ער דאָפּשעט אויף מענשען. איך קען קוים דערכאַפּען דעם אָטעם. ער איז שטעהן געבליבען. אין וואַלד זיצט דער אָבערלייטענאַנט. ער בינדט זיך צו דעם פוס. ער קאָן זיך ניט אויפשטעלען.

— אוי, גוט, ביסט דאָ דאָקטאָר!

— דו, דאָ?

— דער פאַרדאַמטער קאָזאַק! ווי נאָר ער האָט דערהערט די רוסען, איז ער אוועק אין גאַלאָפּ. מיר ניט געלאָזען קיין צייט אַראָפּצושפּרינגען, אַזאַ קאָזאַק. איך בין פאַרוואונדעט געוואָרען. בין אַראָפּגעפאַלען פון׳ם זאָטעל. מיין פוס מוז זיין אויסגעוועכ־נעט. איך קאָן איהם ניט באַוועגען. די נבלה! געלאָפען צו די רוסען, דער פאַררעטער!

— די בעסטיע! אַרומגעשפּרונגען אַהין און אַהער, ווי אַ נישט־גוטער. אַוועקגעלאָפן פון מיר און צוריקגעקומען. געטאַנצט אַ קאַדריל אַרום מיר. און איך בין געלעגן און געקייקעלט זיך אויף דער ערד מיט יסורים, האָב מיך ניט געקאָנט אַפילו נוקם זיין אין דער בהמה, — האָט ער געקריצט מיט די ציין.

דער פערד איז געשטאַנען אַ פאַרצווייפעלטער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, ווי אַ שולדיגער. זיין פעל האָט זיך באַדעקט מיט קנייטשען, ווי דער שפּיגל פון אַ טייך אין וועלכע מען האָט גע־וואָרפן אַ שטיין. אין זיין נשמה האָט געטאַנצט אַ שד. ער האָט געטופּעט מיט דעם פעדערשטען פוס אויף דעם האַרטען ערד. ער האָט געדלובעט דעם פערדישען אלף־בית מיט דער פּאָדקאָווע. ער האָט זיך אויסגע׳טענה׳ט. ער האָט איבערגעבעטען! זיין מאָרדע האָט געציטערט. ער האָט זיך געפּעסטעט. איך האָב מיט איהם געהאַט מיטלייד.

— עט, לאָז געמאַך דעם „קאָזאַק“,—האָב איך גענומען פאַר־ענטפערען דעם „אַנטיסעמיט“.—וואָס ווייסט אַ פערד? ער איז דאָך אויך אַ רוסישער! אפשר האָט ער דערהערט אַ הירזשע פון זיין ברודער אָדער שוועסטער? אָדער פון זיין מאַמען, אפשר? נו, מילא, איז ער געלאָפען צו זייניגע. וואָלסטו ניט געלאָפען צו דיין ווייב און קינד, ווען דו הערסט זיי הירזשען? כ׳מיין שרייען... רופען, מיין איך! עט, האָב ניט פאַראיבעל. ער איז גענוג אָפּגע־קומען, דער פערד! שטעל דיר פאָר דעם אינערליכען קאַמף, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זיין פערדישער נשמה. פון איין זייט זיין אייגען בלוט־און־פלייש און פון דער אַנדערער זייט זיין נייער האַר, אַ פאַרוואונדעטער און הילפסבאַדערפטיגער. דאָס בלוט קאָכט. דאָס האַרץ בענקט, עס ציהט ווי אַ כשוף... אַ בענקעניש... אַהיים! צוריק צו די אַלטע פריינד! צוריק צו דער אייגענער ראַסע! זיין פריי! ניט מעהר קיין געפּאַנגענער! אַ קאָזאַצקער פערד מיט אַ קאָזאַצקען רייטער! און פון דער אַנדערער זייט דאָס פליכט־געפיהל, די בושה, אַוועקצולויפען ווי אַ האָז ווען זיין

האָר ליגט ווי אַ צובראָכענער טשערעפּ. עס שטורעמט, עס רייסט איהם אין שטיקער, עס...

— עס טוט וועה, דאָקטאָר, פאַרפלוכט נאָך אמאָל, דו צוברעכסט מיר דעם פוס! גיב אכטונג!

— עט, דו מוזט אביסעל ליידען! לאָז מיך צובינדען די פּראָוויזאָרישע שינעס. זיי וועלען האלטען דעם פוס ביז איך וועל דיך איבערטראָגען אויפ'ן הילפס־פּלאַץ.

— פאַרפלוכט! ריהר מיך ניט אָן! לאָז מיך בעסער דערגעהן...

דער פערד האָט זיך אנידערגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס. ער האָט געליטען זיין האר'ס יסורים. ער האָט איהם געלעקט די האנט. ער האָט איהם געגלעט ווי אַ מאמע אַ קראנק קינד...

ד.

דער אָבערלייטענאנט האָט זיך ניט געלאָזט איבערבעטען. זיין אייגענליעבע איז געווען פאַרלעצט און דאָס האָט איהם ניט ווייניגער וועה געטאָן ווי די פיזישע שמערצען. ס'טייטש, וואָס וועט מען זאָגען ביים רעגימענט? מ'שטיינס געזאָגט, אַ רייטער, וואָס לאָזט זיך פאַרפיהרען פון אַ פערד... ער איז געווען געררייצט, כמעט היסטעריש, און האָט ניט אויפגעהערט צו ליאַרעמען. ער איז געווען ווי אַלע העלדען. ער האָט מורא געהאַט פאַר שמערצען. ער האָט זיך באַנומען ווי אַן אַלטע בתולה. איך האָב דאָס איהם געזאָגט. ער האָט זיך געפיהלט באַליידיגט און זיין כעס איז געוואַקסען נאָך מעהר.

— אוי, אוי, איך האַלט עס ניט אויס...

— איין מינוט, העלד מיינער!

איך האָב צוגעבונדען די שטעקענס צום צובראָכענעם פוס. ער האָט געהאַלטען אין איין געוואַלדעווען:

— אוי, ווען ניט דער פאַרפלוכטער פערד! אַלצדינג דורך איהם. די בעסטיע! די נבלה... וואַרט, דו קאַנאַליע... דו פּאַר...

א קנאַל! אַ רעוואָלווער־שאָס! דער פערד האָט פארלייגט מיט׳ן קאָפּ. פון זיין מויל גיסט זיך בלוט. זיינע אויגען בעטען, וואונדערען זיך; זיי פארשטעהען ניט, זיי האָבען מורא... ער פּרואווט זיך אויפהויבען. אַ שטאַרקע מיט די פיס! אַ וואָרף! אַ שווערער סאַפּ. און שטיל איז עס געוואָרען. ניט געווען מעהר קיין פערד...

— פוי, ווי רוי דו ביסט, פערענצי!

— איך דארף ניט דיין מוסר, דאָקטאָר! נעהם מיך אויפ׳ן הילפס־פּלאַץ! איך האָב גענוג!

ער האָט אָבער באַלד חרטה באַקומען אויף זיין ענטפער. איך בין פּאָרט אַ דאָקטאָר, און ער איז אַ חולה! ער האָט געפּרואווט זיך פארענטפערען:

— וואָס איז דער מעהר מיט דיר, דאָקטאָר? אַלץ וועגען אַ פערד? זיינען דאָ ווייניג פערד אויף דער וועלט? אַ דאגה דיר, אַ פערד?

— טאַקע, יאָ! וואָס איז דער חילוק?

— עט, אַ נאַרישקייט! נאָך אַלעמען, וואָס איז אַ פערד?

— אַ פערד איז אַ פערד...

# אַ באָלשעוויקישע קאַליענדאַ

**א.**

אַ מאָדנע צייט האָט זיך אָנגעהויבען אויף דעם רוסישען פראָנט.

עס איז געווען אין די ווינטער חדשים פונ'ם יאָהר 1917, ווען קערענסקי'ס רעגירונג איז געפאַלען און די מאַכט איז אריבער אין די באָלשעוויקישע הענט. מיר, די עסטרייכישע סאָלדאַטען, האָבען גייסטיג דורכגעמאַכט כמעט דאָס אייגענע, וואָס די רוסישע. יעדער פון אונז האָט געפיהלט די וויכטיגקייט פון דעם געשיכט־ליכען מאָמענט, און די פארשלאָפענע, פיל מאָל אָפּגענאַרטע האָפ־נונג אויף פרידען, האָט ווידער אויפגעלעבט: אפשר, אפשר וועט שוין איצט זיין דער אָנהויב פון דעם סוף פון דער שרעקליכער מלחמה, וועלכע וויל זיך גאָר ניט ענדיגען? אזוי האָט ביי זיך געטראַכט פון דעם העכסטען אָפיציר ביז צום פּראָסטען סאָלדאַט, ווען אין אַ קאַלטען, אומעטיגען אָווענט איז געקומען, ווי אַ בליץ, די לענינ'שע ראַדיאָ־טעלעגראַמע: „צו אַלע".

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל זייט דעם אָנהויב פונ'ם וועלט־קריג, אז אַ שונא זאָל אויסשטרעקען אַ האַנט פאַר שלום; און דערצו אזאַ מין הארציגע, עהרליכע ארבייטער־האַנט, אָהן דיפּלאָמאַטישע צוויי־פּנים'דיגקייט און אָהן חכמה'דיגע דריידלאַך. „איך וויל פרידען", האָט לענין פּשוט פּראָקלאַמירט. דאָס רוסי־שע פאָלק וויל מאַכען אַן עק פון דער מלחמה — האָט עס געזשו־מעט אויף די טעלעגראַפען־דראָטען, אזוי אז אפילו דער טויבער גענעראַל־שטאַב האָט עס געמוזט הערען. אין דער עסטרייכישער הויפּט־קוואַרטיר איז געוואָרען אַ טומעל; די שאָפענע גענעראַל־

סקע קעפּלאַך האָבען זיך גאָר אין גאַנצען פאַרלוירען, זוכענדיג נאָך פאַרשטעקטע „מאָטיוועז" אין אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז גע־וועז קלאָר ווי די זון און פּראָסט אין לשון. דערווייל אָבער, אויס פאַרלעגנהייט און צוליב דער אַלטער עסטרייכישער פּאָליטישער דאָקטרין פון „פּאַרט־וואורשטלען", האָט מען שטרענג פאַרבאָטען אָפּצוגעבען אַ שאָס אויף דעם פראָנט. און כדי די רוסישע סאָלדאַ־טען נאָך מעהר צו „דעמאָראַליזירען" האָט מען די לענינ'שע פּראָ־קלאַמאַציעס צעוואָרפען איבער די רוסישע ליניעס. אמת, אַ פּאָר רעגימענטען האָבען שלעכט אויסגעטייטשט די איידעלע עסטרייכי־שע מאָטיוועז און געשאָסען ווי אויף צו להכעיס, אָבער אויך זיי זיינען מיעד געוואָרען. דען גענוג, שיס, אז קיינער ענטפער ניט. נאָך וואָס טויג אַ בייזער „גוט־מאָרגען" אָהן אַ „שוואַרץ־יאָהר"? פּאַמעלאַך האָט זיך דער גאַנצער פראָנט איינגעשטילט. מען האָט געלאָזט פאַרזשאַווערען די ביקסען און מען האָט אָנגעהויבען שיסען מיט פריינדשאַפטליכע קאָמפּלימענטען.

## ב.

אויף דעם פראָנט האָט געהערשט אַ יום־טוב'דיגע שטימונג. די רוסישע סאָלדאַטען זיינען אַריבערגעקומען צו די עסטרייכישע ליניעס מיט לאַמטערנעס און מיט מוזיק און האָבען דורך די שטע־כעדיגע דראָטען געדריקט די הענט פון די פריהערדיגע שונאים, געקושט זיך, געהאַלזט זיך, געטאַנצט אויפ'ן שניי און געוויזען אַלערליי קונצען. פאַרשוואונדען זיינען אַלע מחיצות, אוועק איז די שנאה און אפילו די בלוטיגע שאָטענס פון די מלחמה־קרבנות זיי־נען פאַרבלאַסט געוואָרען אין דעם שיין פון די לאַמטערנעס, וואָס האָבען אזוי מאָדנע געוואַקעלט און געהוידעט זיך אין דער פינס־טערניש, ווי גלייך זיי וואָלטען געצווייפעלט אויב דאָס איז ניט בלויז אַ פּוסטער חלום, וועלכער וועט באַלד פאַרשווינדען.

יעדען טאָג זיינען זיי געקומען די רוסען. מיין רעגימענט איז געוועזען אַן אונגאַרישער און דער פּראָסטער סאָלדאַט האָט נאָר גע־

האָט איין צונג — זיין מוטער־שפּראַך. אָבער פונדעסטוועגן האָבען זיי זיך געגענזייטיג פאַרשטאַנען — די מאַדיאַרען און די רוסען. זיי האָבען גערעדט מיט די הערצער, מיט די ליידען און מיט די האָפנונגען פון פּראָסטע פאָלקס־קינדער. און וואו פריינדשאַפט, דאָרט איז מסחר. עס האָט זיך אָנגעהויבען א האנדעל צווישען די צוויי פּראָנטען און עס פלעגען אָפּגעהאַלטען ווערען אמת'ע יריד'ען. די רוסען האָבען געצאָהלט יעדען פּרייז פאר זייגערלאך, בריטוועס, מעסערלאך און ספּעציעל אַ ביסעלע משקה איז געווען די בעסטע סחורה. פון אונזער זייט ווידער האָט מען געזוכט עסענוואַרג: פּאַסאָליעס, קאַווע, צוקער, טהע, קאָלבאַסעס און ברויט. זייף האָט מען געקאָנט קריגען ביי די רוסען גאַנצע קאַסטענס. אין עסטרייך, ווידער, האָט מען זייף געזוכט מיט ליכט. אָט אַזוי האָט זיך געדרעהט דער מסחר און געבליהט דאָס געשעפט. און כאָטש אין מיין רעגימענט זיינען ניט געווען מעהר ווי אַ מנין אידען, איז אָבער ניט דורכגעגאַנגען קיין געשעפט אָהן אַ אידישען פּאַרמיטלער. אָהן זיי איז דער יריד געווען פּוסט, ווי אַ ווייבערשע שוהל אין חנוכה. עס האָט זיך געדאַכט, אז די מלחמה האָט זיך געענדיגט און אז מען וועט אַזוי חבר'ען זיך און האנדלען, ביז מען וועט זיך אומקעהרען אַהיים. אָבער דער עסטרייכישער גענעראַל־שטאַב האָט פּלוצים חרטה באַקומען אויף זיין פריהערדיגען באַשלוס און האָט פון דער העלער הויט פאַרבאָטען אונזערע סאָלדאַטען צו חבר'ען זיך מיט די רוסען.

די רוסען זיינען געקומען, ווי פריהער, אין מאַסען, באַלאָדען מיט סחורות און מיט פולע קעשענעס מיט רובעלס. אויף זייערע ברייטע, מאָנגאָלישע פנים'ער האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט די זעלבע קינדערשע נאַאיוויטעט און די זעלבע אַזיאַטישע געדולד ווי פריהער. זיי האָבען געפּייפט, גערופען, אָבער קיין ענטפער האָבען זיי מעהר ניט געקראָגען. דער יריד איז געווען ליידיג. די פעלדוואַכען זיינען געווען באַוואָפענט ביז צו די ציין ווי אין די אַלטע בלוטיגע צייטען. זיי זיינען צוריקגעגאַנגען אומעטיגע און אומענט־

שלאָסענע און האָבען זיך אויף יעדען שריט אומגעדרעהט, די רוסען, גלייך ווי זיי וואָלטען נאָך אַלץ געוואַרט אויב מען וועט זיי ניט צוריקרופען. אָבער אומזיסט! דער עסטרייכישער גענעראַל־שטאַב האָט געפּלאַנעוועט אַ קאַמף אַנטקעגען אַן אָפּגעשוואַכטען שונא...

### ג.

עס איז געוועזן אַ קאַלטער טאָג. עס האָט געדרעהט אַן עכט פּאָדאָליער זאַווערוכע. דער שניי האָט געטאַנצט נאָכ'ן ווינט'ס קאַפּריזען און זיך געוואַלגערט ווי צעשאָטענע פעדערן.

גאַנצע שניי־בערג האָט דער ווינט פאַרטראָגען. פאַרשאָטען די וועגען, פאַרוועיעט די גראָבענס, זיך געדרעהט איבער די פוס־טע פעלדער און געפעס אַזוי מאָדנע געוואַיעט, ווי גלייך ער וואָלט באַווייִנט אונזערע פאַרלאָרענע האָפנונגען. מיר זיינען געזעסען ביים אייזערנעם אייוועלע און זיך אויסגערעדט אונזער ביטער האַרץ.

„זעהסטו דאָך, זיי ווילען ניט קיין פריעדען", — האָט אַ זיפץ געטאָן לייטענאַנט אַרשאַש, — „זיי ווילען ניט, די פערדס־קעפּ, די גענעראַלסקע כוליגאַנעס. דען באמת, פאַרוואָס זאָלען זיי דען ניט וועלען פיהרען קריעג. עס געהט זיי עפּעס שלעכט? זיי זיצען זיך און טעשען מיט זייערע קעפּס־ווייבער און לעבען אַ גוטען טאָג, און מיר, נאַראָנים, לאָזען זיך שעכטען ווי די שאָף צוליב אָטאָ־דעם געזינדעל"...

לייטענאַנט אַרשאַש האָט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס מיר אַלע האָבען געפיהלט. דער גענעראַל־שטאַב האָט געקענט די קונסט פון מאַכען קריעג־שטימונג, און האָט זיך באַנוצט מיט זיין מאַכט כדי נאָך שטאַרקער אָנציהען די קריעגס־לייצעס, מיט וועלכע ער האָט געהאַלטען אין צוים מיליאָנען מענשען.

און ווי מאָדנע זי איז געוואַקסען, די שנאה, אַ שנאה „אויף באַפעהל"! מען האָט ניט געקאָנט זעהן די פאַרבאָרגענע האַנט,

וואָס פאַרזייהט דעם האַס, אָבער יעדער איינער האָט געפיהלט, אז ער פאַרגרעסערט זיך, אז ער וואַקסט פון טאָג צו טאָג און וועט אונז באַלד פאַרפּלייצען ווי א ים.

אין אַזאַ פּסיכאָלאָגישען צושטאַנד איז געווען דער פראָנט, ווען איך האָב פּלוצים באַקומען אַן איינלאַדונג פון די רוסישע סאָלדאַטען בייצואוואוינען זייער יום־טוב אויף יענער זייט פראָנט. לייטענאַנט אַרשאַש האָט נאָך ניט געהאַט געענדיגט זיינע ברכות אויפ'ן גענעראַל־שטאַב'ס קאָפּ, ווען די טיר האָט זיך געעפענט און אַ סאָלדאַט האָט מיר איבערגעגעבען אַ בריף, וועלכען, ווי ער האָט געזאָגט, אַ רוסישער סאָלדאַט האָט איהם צוגעוואָרפען, ווען ער איז געווען אויף דער „פעלד־וואַך". אין דעם בריף איז געווען אַן איינלאַדונג אַנטייל צו נעהמען אין דער סעודה לכבוד „ראַזשדעסטוואָ", אונטערגעשריבען פונ'ם רוסישען רעגימענט־שטאַב און אין דער זייט אַ קליינע צושריפט פון ד ר. האַפּט, דעם דאָקטאָר פונ'ם רעגימענט, אַז למען־השם איך זאָל ניט פאַרפעהלען צו קומען.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף לייטענאַנט אַרשאַש.

— איך געה מיט דיר, דאָקטאָר, — איז אַרשאַש אויפגעשטאַנען — איך האָב אין דר'ערד דעם גענעראַל־שטאַב מיט זיינע חזיר'שע גזרות.

— און וואו צוויי, דאָ בין איך דער דריטער, האָט אַ געניץ געגעבען אָבער־לייטענאַנט סאַבאַ, וועלכער איז אויף אַ ווייַלע אַנדרימעלט געוואָרען. — איך וועל געהן צו'ן אַלדע גוטע יאָהר, אַבי מיט אייך אינאיינעם!

געזאָגט, געטאָן, און אַלע דריי זיינען מיר פאַרשוואונדען אין אַ געדיכטען וואַלד, וועלכער האָט איינגעהילט די ריפּען פונ'ם באַרג, טשאַרדאַקי, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פונ'ם רומענישען גרעניץ, אַ גרויזאַמער, אַ ביטערער און אומ'ברחמנות'־דיגער, וואָס האָט געקאָסט מעהר מענשען־לעבען, איידער ער פאַרמאָגט שטיינער.

## ד.

מיר האָבען געוואוסט, אז מיר וועלען ניט האָבען קיין לייכטען שליט־וועג, אָבער די שוועריגקייטען וואָס מיר האָבען באַגעגענט, האָבען איבערגעטראָפען אַלץ וואָס מיר האָבען דערוואַרט. אַרום דעם באַרג האָט מען געקעמפט אַריבער אַ יאָהר צייט און מיליאָנען גראַנאַטען, שראַפנעלען און מינען זיינען געפאַלען, געפלאַצט און אויסגעגראָבען ברייטע, בייכיגע, טיפע לעכער, וועלכע האָבען געעפענט זייערע הונגעריגע מיילער כדי אונז איינצושלינגען לעבעדיגערהייט. די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע און דער שניי האָט צוגעפודערט די שרעקליכע אַפּגרונטען, אָבער מיר האָבען געוואוסט אז אונטער דער ווייסער שמינקע ליגט אַ שוואַרצער תהום.

אָבער־לייטענאַנט סאַבאַ האָט זיך שטיל געבייזערט: צו אַלע רוחות, אַזאַ וועג! מיר זאָלען כאָטש ניט אַריינפאַלען אַלע דריי אין אַזאַ פאַרפעסטעטען גראַנאַט־לאָך, ווייל עס וועט גאַר קיינער ניט זיין, ווער עס זאָל אונז אַרויסשלעפען. מיר האָבען זיך אָנגעהאַלטען ביי די צווייגען פון די קליינינקע, דאַרע, אומגאַסטפריינדליכע באַזשאַלאַך און בוימעלאַך, וואָס האָבען אונז געקראַצט דאָס פנים און צושיילט די הענט. מיר זיינען געווען צוריצשעט און צובלוטיגט, אָבער מיר האָבען ניט געהאַט קיין ברירה. צוריקגעהן באַרג־אַראָפּ אין אַזאַ פינסטערען גליטש, וואָלט געווען נאָך געפעהרליכער. האָבען מיר זיך געדראַפּעט אויף די גלייכע ווענט, געפאַלען, אויפגעשטאַנען און ווייטער געקראָכען אויף אַלע פיר. אַ קאַלטער שוויים האָט געוואַשען אונזערע וואונדען.

— מיר דאַכט זיך, אז מיר זיינען באַלד אויבען, — האָב איך אונז אַלעמען געטרייסט.

און באמת האָט עס אַזוי אויסגעזעהן. אַ ליכטעל האָט זיך ערגעץ־וואו אָנגעצונדען, און וואָס נעהענטער מיר זיינען געקומען, אַלץ רויטער איז געוואָרען דער הימעל. ענדליך זיינען מיר געווען אויבען.

פון דערוווּיטענס האָבען געפלאַקערט פייערען. איינס, צוויי, דריי, צעהן, אומצעהליגע פייערען; דער גאַנצער באַרג איז געווען איינגעטונקט אין אַ ים פון פלאַמען, וועלכע האָבען זיך געפאָכט פון ווינט און געטאַנצט, געשפּרונגען, ווי שטיפערישע קינדער, צו־ליב דעם גרויסען יום־טוב אויף דעם פראָנט. עפּעס מאָדנע שאָ־טענס האָבען זיך געדרעהט ארום די פייערן. א ווייטער ווידער־קול פון גארמאָניקעס, דאָס אויפבליצען און קראַכען פון האַנט־גראַנאַ־טען, האָט אונז געבראַכט די גוטע בשורה. דאָ, ביי די פייערן, האָ־בען די רוסישע סאָלדאטען געפראַוועט זייער יום־טוב. זיי האָבען געטאַנצט און געשפּרונגען. און פאַרוואָס ניט? ניטאָ מעהר קיין צאַר באַטיושקאַ, ניטאָ קיין קניאַזעס, ניטאָ קיין פּאַנעס — זיי זיינען פריי. דאָס איז זייער ערשטע פרייע ראָזשדעסטוואָ.

ה.

מיר האָבען זיך געפונען ביי דער סיבירישער רעגימענטס־קאָמאַנדע, רעגימענט נומער 471, א פּאָר ווירסט הינטער דעם רוסישען פראָנט.

די עסטרייכישע ארטילעריע האָט צושאָסען וואו עס איז נאָר געווען אַ סימן פון אַ הויז. און אפילו דאָס הויז, וואו מען האָט היינט געפראַוועט אזא וויכטיגען יום־טוב, האָט אויך געהאַט טיפע וואונדען פון דער מלחמה.

דאָס הויז איז געווען אַמאָל אַ וואַזשנע קרעטשמע אויפ׳ן עסטרייכיש־רומענישען גרעניץ אין וועלכער קיינער האָט ניט פאַר־פעהלט אָפּצוטרעטען כדי צו כאַפּען אַ שנאַפּסעל. דאָ איז אויך געווען אַ נעסט פון שמוגלערס און פעקעלמאַכערס און אַ בערזע פון גרעניץ־גנבות. היינט זיינען בלויז געבליבען ברעקלאך פון דעם אַלטען יחוס. איין וואַנט האָט אַ גראַנאַט אויסגעריסען און די אַנדערע האָבען אויך ניט געהאַט קיין גאַנצע גלידער. עס איז ניט געווען קיין טירען, קיין פענסטער און ניט קיין גאַנצע סטעליע. היינט אָבער האָט מען דאָס הויז פאַרפוצט, ווי אַ כלה פאַר דער

חתונה. מען האָט פאַרשטאָפּט די לעבער, פאַרלאַטעט די ווענט, און פאַרהאַנגען די פענסטער. אָבער יעדער האָט געקאָנט זעהן, אַז עס איז פאַרט אַ קריגס־קריפּעל.

— אָט זיינען שוין דאָ אונזערע געסט, — האָט מען אונז פּלוצים דערזעהן און אויפגענומען מיט אַ הילכיגען „הורראַ!"

מיר האָבען זיך באַלד פאַרלוירען אין אַ קנויל פון הענט און פּיס. יעדער איינער האָט געוואָלט אַ ביסעל נעהענטער אָנקוקען אונז און אונז דריקען די הענט.

אַ פּאָר האָבען אונז געקושט ווי מען קושט אַלטע, גוטע באַקאַנטע, וועלכע מען באַגעגענט פּלוצים אין אַ ווילד־פרעמדער מדינה.

די שטאַרקסטע געפּיהלען האָבען זיך געפּיהלט אין זייערע קרעפטיגע שלום־עליכם׳ס.

— רבונו של עולם, וואָס האָסטו באַשאַפען אַזוי פיל אייזערנע הענט? — האָב איך ביי זיך געטראַכט יעדעס מאָל, ווען אַ סאָל־דאַטסקע לאַפּע האָט אַרומגענומען מיינע פינגער ווי מיט אייזערנע צוואַנגען.

פּלוצים האָב איך דערפיהלט עפּעס גאָר אַן אַנדערן שלום־עליכם — אַ שלום־עליכם, וואָס קנאַקט ניט די ביינער און וואָס ברעכט ניט קיין פינגער, עפּעס אַ זיידענעם שלום־עליכם.

„דאָס איז דר. האַפּט, אונזער רעגימענט־אַרצט!" — האָט דער אַדיוטאַנט פון׳ם רעגימענט, קאַפּיטאַן ליטווינאָוו, אַ סלאַווי־שער ריעז מיט ווייכע, בלויע אויגען פון אַ קינד, פאָרגעשטעלט דעם דאָקטאָר. אונזער ליעבער דאָקטאָר, האָט ער צוגעגעבען.—מיר האָבען נאָך אַ דאָקטאָר, האָט ער ווייטער פאָרגעשטעלט אַ יונגען מאַן מיט אַ פעטען בייכעל. — און דאָס איז די פרוי פון אייער קאָלעגע — האָט ער געטייט מיט׳ן פינגער אויף אַ בילד־שעהנער בלאָנדינקע, וואָס האָט אונז צוגעוואונקען. „זי איז אויך אַ דאָק־טאָר, אַ דאָקטאָר דענטיסט", האָט איהר מאַן זיך באַריהמט.

די שעהנע דאָקטאָרקע האָט געשמייכעלט: — אָט אַזוי ווי

איהר זעהט אונז דאָ, אלע דריי אינאיינעם, זיינען מיר די איינציגע אידען ביים רעגימענט. מעהר קיין אידען זיינען דאָ ניטאָ. איך האָב באגלייט מיין מאן אויפ'ן פראָנט, א ביסעל טאקע צוליב איהם, און א ביסעל ווייל איך וויל ניט, אז די צאָהל פון אונזערע דריי רעגימענטס-אידען זאָל זיך פארקלענערען אויף צוויי.

דער אדיוטאנט האָט אונז אוועקגעצויגען פון דער גרופּע. — „איך וויל אייך פאָרשטעלען פאר אונזער קאָמענדאנט. אָט זעהט איהר דאָרט אין מיטען טיש, זיצט אַן אלטיטשקער, מיט א לאנגער פאטריארכאלישער באָרד — דאָס איז פּאָלקאָווניק .אנדרעיעוו, אונזער קאָמענדאנט."

פּאָלקאָווניק אנדרעיעוו, א פיער עקיגער גרייז, האָט זיך טיף פארבויגט און אָנגעהויבען עפּעס א פייערליכע באגריסונג, אָבער דער עולם האָט, ווייזט אויס, ווייניג וואָס זיך געמאכט פון דעם אלטען און מען האָט איהם איבערגעשלאָגען:

— לאָז זיי אנידערזעצען, פּאָלקאָווניק, זיי קומען פון ווייט, זיי זיינען מיעד... מיר האָבען זיך אנידערגעזעצט ארום אַ טיש געדעקט מיט אלעם גוטען.

ו.

איך האָב באקומען א פּלאץ ניט ווייט פון ד"ר. האפּט, מיט וועלכען איך האָב געהאט צו ריידען איבער הונדערטער זאכען, אבער איך האָב ניט געקאָנט קומען צו דעם. פון אלע זייטען האָט מען מיך פארשאָטען מיט פראגען. וואָס הערט זיך ביי אייך? וואָס דענקט איהר איבער די באָלשעוויקעס? וואָס עסט איהר? וואו שלאָפט איהר? — אָט אזעלכע וויכטיגע און ניט-וויכטיגע פראגען האָב איך געהאט צו ענטפערן אין די הונדערטער. אָבער נאָך ער־גער פון די פראגען זיינען געווען די צעהנדליגע „לחיים'ס", וואָס איך האָב געמוזט מיט יעדען באזונדער טרינקען. צום גליק האָט מיר דער אויבערשטער צוגעשיקט די רפואה פאר דער מכה. און בעת מיין צווייטער שכן פון דער רעכטער זייט האָט געהאלטען

אין איין אַנגיסען מיין כוס, האָט מיין שכן פון דער לינקער זייט געהאַלטען אין איין אויסטרינקען איהם, אַזוי אַז איך בין געווען פּטור פון צומאַכען אַ צו־אָפּטען „שהכל".

די סעודה האָט זיך געענדיגט. דער אַדיוטאַנט האָט אָנגעהויבען צו קלינגען מיט׳ן גלאָק. עס איז געוואָרען שטיל. דער פּאָלקאָווניק האָט אָנגעהויבען אַ רעדע. ער האָט געקלאַפּט אויפ׳ן טיש.

— טאָוואַרישטשי, אונזער באַטיושקאַ, זאָל לעבען (דער פּאָלקאָווניק האָט זיך צוריקגעכאַפּט, ווי אָפּגעבריהט), איך מיין׳ אונזערע נייע רעוואָלוציאָנערע באַטיושקאַ׳ס זאָלען לעבען!

— זאָלען לעבען! — האָט דער עולם געענטפערט.

— לענין זאָל לעבען! האָבען אַ טייל אָפיציערען אויסגעשריען.

— זאָל לעבען! — האָט געהילכט און גע׳רעש׳ט.

אַ פּאָר היץ־קעפּ, מיט פאַרביסענע, פינסטערע פּנימ׳ער, האָבען געפּרואווט דעמאָנסטרירען פאַר קערענסקי׳ן.

— קערענסקי זאָל לעבען! — האָבען זיי געשריען.

— אויף דער תליה מיט קערענסקי׳ן! — האָט די מעהרהייט געענטפערט.

אָט וואָס דר. האַפּט האָט מיר שפּעטער דערצעהלט: זייט וואָכען געהט אָן אַ קאַמף אין יעדען רעגימענט צווישען די באָלשעוויקעס און צווישען די חסידים פון קערענסקי. די באָלשעוויקעס האָבען איצט די מעהרהייט, אָבער די אינטעליגענטסטע, בעסטע אָפיציערען זיינען דווקא פאַר קערענסקי׳ן. נאָר וואָס־זשע דען? אָט דאָ לינקס, אין אַ ווינקעלע, זיצט אַ קליינטשיקער, דאַרינקער אינגעל, טאַקע אַ פּראָסטער סאָלדאַט, אָבער ווי באַשאַפען צו זיין אַ באָלשעוויקישער רעדעל־פיהרער. דאָס איז איוואַנאָוו, דער קאָמיסאַר פון סאָלדאַטען־ראַט ביים רעגימענט. אָט דער דאָזיגער איוואַנאָוו איז אַ גאַנצער קנאַקער, און וועה איז צו די וואָס שטעלען זיך איהם אנטקעגען. די פּאָר אָפיציערען, וועלכע האָבען זיך היינט אין זייער שכרות ערלויבט צו מאַכען אַ דעמאָנסטראַציע

פאר קערענסקי'ן, קענען זיין זיכער, אז זיי וועלען באשטראפט ווערען, איידער נאך זיי וועלען צייט האבען זיך אויסצושלאפען. פשוט פאר פחד מוז מען טראגען באלשעוויקישע מאסקעס.

דאס געשפרעך, אדער בעסער געזאגט, דאס שושקען זיך, איז אין אנהויב געגאנגען אביסעל אויף גרודעס, מחמת איך רייד א שוואכען רוסיש און דר. האפט שמועסט א שוואכען דייטש. — טא, איהר קענט דאך אודאי העברעאיש? — האט דר. האפט זיך געכאפט.

— נדבר עברית... א גליקליכער איינפאל... און אין דער קרעטשמע, וואו עס איז נאך ניט פארקלונגען דער עכא פונ'ם ציי־גיינער־פייפעלע, און וואו עס האבען זיך געוואלגערט אין די ווינ־קעלאך די אמאליגע קולות פון שכור'ע גויים; און אין דעם קווארטיר וואו עס האט געערדט פאלקאווניק אנדרעיעוו און נאך יעדען „הורא" האט מען אויסגעטרונקען גאנצע פלאשען מיט שנאפס — אט אין דער סביבה האט די העברעאישע שפראך גע־קלונגען ווי א זיפץ פון א פארבלאנדזשעטער פרינצעסין.

דר. האפט האט געשילדערט שרעקליכע סצענעס פון דעם עלענד פון דער רוסישער קריגס־צייט.

— איך האב, — האט ער געזאגט, — מיט א יאהר צוריק באגעגענט אנ־סקי'ן, וועלכער האט ווי א קינד געוויינט, דערצעה־לענדיג וואס מען טוט אן אונזער פאלק אין רוסלאנד. און איך פרעג זיך, צו וואס האבען מיר אזוי פיעל קרבנות געבראכט? — האט ער זיך באקלאגט.

איך, ווידער, פון מיין זייט, האב אויסגעליידיגט אונזער פעקעל צרות. איך האב דערצעהלט וועגען די שחיטות, שרפות און אכזריות'ן, וועלכע אט די פילע הענט, וואס האבען זיך אויסגע־שטרעקט צו מיר צוליב א נייעם „הורא לכבוד די געסט", האבען צוזאמען מיט מיליאנען פון זייערע חברים אויסגעפיהרט אין גאליציע.

און פון דער אומעטיגער, מרה־שחורה׳דיגער געגענוואַרט, האָבען מיר אָנגעהויבען פאַנטאַזירען וועגען דער ליכטיגער צוקונפט.

— יאָ, פּאַלעסטינא, — האָט דר. האַפּט אַ זיפץ געטאָן, — פּאַלעסטינא איז ווערט דעם קרבן. ארץ־ישראל איז ווערט אַלע קרבנות — האָבען מיר זיך געטרייסט.

אָט אַזוי האָבען מיר, די צוויי „שונאים", זיך מיטגעטיילט די נייעס פון ביידע זייטען, וואו אידען לעבען, ליידען, האָפען, פרעהען זיך, און וויינען.

ז.

פּאָלקאָווניק אַנדרעיעוו איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע און גע׳דרשנ׳ט:

— טאָוואַרישטש — האָט ער מיך ארומגעכאַפּט און געהאַל־טען אין איין קושען מיך,—טאָוואַרישטש, טייערער חבר, מאַך אַן עק פון דעם קריעג, מאַך שלום. אונזערע קאָמיסאַרען ווילען פרי־דען, איך, פּאָלקאָווניק אַנדרעיעוו, וויל פרידען, מיינע טאָוואַריש־טשעס ווילען פרידען, נאָר דער צאַר פראַנץ יאָזעף וויל קיין שלום ניט... — האָט ער גערעדט אַ שכור׳ער.

— פראַנץ יאָזעף איז טויט — האָבען איהם אַנדערע איבער־געשלאָגען — ער ליגט אין דער ערד, דער הונט. פּגרן׳ן זאָל דער יונגער עסטרייכישער צאַר, אַלע צאַרען זאָלען האָבען דעם סוף פון צאַר ניקאָלאַי — האָבען די שכורים באַשלאָסען.

מיין לאַגע איז געווען אַן אומבאַקוועמע, מחמת די גאַנצע מעשה האָט געשמעקט צופיעל מיט „האָכפאַרראַט", וואָס האָט מיך געקאָנט קאָסטען דעם קראַגען, אויב עמיצער וואָלט דאָס צוגעטראָגען דער קאָמאַנדע. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיינע חברים. צום גליק זיינען זיי געווען באַשעפטיגט און האָבען ניט געהאַט קיין צייט זיך צוצוהערען צו דער דרשה.

לייטענאַנט אַרשאַש האָט זיך צוגעשאַרט צו דער שעהנער דאָקטאָרקע און איהר געסמאַליעוועט קאָמפּלימענטען אָהן אַ

שיעור און אָבער־לייטענאַנט סאַבאַ האָט שוין גאַרניט געוואוסט, וואו ער איז ערגעץ אויף דער וועלט.

ער איז געזעסען לעבען מאַדאַם ליטווינאָוו, די פרוי פון דעם זעהר סימפּאַטישען רוסישען רעגימענטס־אַדיוטאַנט, וועלכער האָט באַגלייט איהר מאַן זייט 1914 אויף אַלע שלאַכטפעלדער, און די בליצענדיגע אויגעלאַך און טאַנצענדיגע וואָנצעלאַך פון דעם פאַרליבטען אָבער־לייטענאַנט האָבען עדות געזאָגט וועגען די איידעלע געפיהלען, וואָס האָבען זיך געטומעלט אין זיין נשמה.

עס האָט זיך אויפגעהויבען דער פאָרהאַנג און עס זיינען געקומען צושפרינגען פאַרשטעלטע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען גענומען טאַנצען פאַר די אָפיציערען. עס זיינען געווען פאַר־שטעלטע גאָנערס, יונגע לאָשעקעס, און דאָס גאַנצע איז געווען זעהר קאָמיש.

נאָכ'ן טאַנצען האָט מען גענומען זינגען נאַציאָנאַלע לידער. צום ערשטען רוסישע לידער, און דערנאָך אַנדערע. אַפילו די מאַדיאַרישע נאַציאָנאַל־הימנע האָט מען געזונגען. אַ מערקווירדיג פאָלק זיינען די רוסען. גלייך נאָך דער ערשטער סטראָפע האָבען אַלע נאָכגעזונגען מיט אַ מוזיקאַלישען פאַרשטענדניש, גלייך ווי זיי וואָלטען עס שוין געקענט פון לאַנג.

— מיר, די אידען, — דר. האַפּט, די דאָקטאָרקע און איך, — האָבען אָנגעהויבען צו זינגען די „התקוה".

— עוד לא אבדה תקותנו — האָט עס געקלונגען מערקווירדיג פייערליך אין דער אַמאָליגער קרעטשמע.

— התקוה הנושנה — האָט אַ בענקעניש זיך צוכליפּעט אין אונזערע נשמות.

— לשוב לארץ אבותינו — האָט דער ווינט אַ בלאָז געטאָן און פאַרטראָגען אונזערע שטימען ווייט, ווייט איבער בערג און איבער טאָלען — אַ טרייסט פאַר די, וואָס האָבען צו־בראָכענע הערצער.

— עיר בה דוד חנה — האָבען די גוים נאָכגעברומט אין אַ קאַליענדראַ נגון.

אַ פּאָר אָפיציערען האָבען געפּרואווט טאַנצען די התקוה, אָבער זיי האָבען באַלד אויפגעגעבען די שווערע מלאכה. מאדאם התקוה טאַנצט ניט מיט שכור׳ע גויים.

ח.

עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען, ווען מיר האָבען זיך גענומען קלייבען אַהיים.

פּאָלקאָווניק אַנדרעיעוו האָט געהאַלטען אין איין בעטען:

— געהט ניט, טאָווארישטשי, בלייבט דאָ, מיט אונז; עס איז אַ שאָד אייך!

— געהט ניט, טאָווארישטשי, — איז דער ניכטערער קאָמיסאַר איוואַנאָוו פלוצלונג געוואָרען סענטימענטאַל.

— עסטרייך וויל ניט קיין פרידען. מיר, די באָלשעוויקעס, זיינען שטאַרק, זעהר שטאַרק, מיר האָבען גובר געווען דעם צאַריזם און זיין לאַקיי קערענסקי׳ן. מיר וועלען באַלד מאַכען אַן אָפענסיווע און צושמעטערען אַלע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען; אַט פאָלגט מיך, קריכט ניט אין פייער אַריין.

— טאַקע, בלייבט מיט אונז, — האָט געשמייכעלט די גוטע ליטווינאָוואַ, וועלכע האָט, זעהט אויס, פון אָבער־לייטענאַנט סאבא געהאַט גרויס הנאה.

— אַ סאָלדאַט איז אַ סאָלדאַט, — האָט דר. האַפּט גענומען פאַרטיידיגען אונזער פּאָזיציע, — און אַ סאָלדאַט האָט פליכטען.

— יאָ, זיי מוזען געהן, — האָבען טאַקע באַלד אַלע איינגעזעהען און גענומען זיך געזעגענען מיט אונז.

איך האָב זיך צוקושט מיט פּאָלקאָווניק אַנדרעיעוו און זיך ארומגענומען מיט די אַנדערע אָפיציערען.

איך האָב מיך מיט זיי געזעגענט ווי מיט פריינד.

—„שלום“! — האָט מיר נאָך ווייט נאָכגעקלונגען דער

„זיי־געזונט“ פון דר. האפט, — און פארגעסט ניט צו גריסען די ברידער פון דער אנדערער זייט פראָנט...

* * *

א פאָר טעג שפעטער האָט דער עסטרייכישער גענעראַל־שטאב ארויסגעגעבען א „באפעהל“, אין וועלכען ער האָט מודיע געווען, אז די סיבירישע דיוויזיע האָט פארלאָזען דעם פראָנט, און אז „דער פארפוילטער פיינד“ ווארפט איבעראַל אוועק די ביקסען און פארלאָזט די שוצען־גריבער אין מאסען.

און דר. האפט?—איך האָב זייט דאמאָלסט ניט מעהר געהערט פון איהם. אָבער וואו ער איז און וואָס ער טוט, זאָל ער זיין געבענשט פאר דעם גרויסען פארגעניגען, וועלכען איך האָב גענאָסען צוליב איהם אין דער אמאָליגער קרעטשמע, אויף דעם טשארדאקי, וואו עס איז גערונען אזוי פיעל בלוט, אויך אידיש בלוט.

# דער גלח און די מוראַשקע

**א.**

דער איטאַליענישער פּראָנט איז געווען אַ מין פייער־קעסעל, פאַר וועלכען יעדער סאָלדאַט האָט געציטערט. איז עמיצער געווען קאָמאַנדירט צו געהן אויפ'ן איטאַליענישען פראָנט, האָט ער גוט געטאָן באַצייטענס צו מאַכען אַ צוואה, זיך איבער'צלם'ען און צו זאָגען „ברוך דיין אמת". צוריקגעקומען פון איטאַליענישען פראָנט איז כמעט געווען אַזוי שווער ווי צוריקצוקומען פון יענער וועלט.

עס איז געווען אַ שרעקליכער קאַמף, אַ קאַמף ניט אַזוי פיעל מיט די „קאַצעלמאַכער", ווי מען האָט גערופען די בני־מאַקאַראָני, נאָר נאָך אַ שווערערער און ביטערער קאַמף מיט דער נאַטור און מיט די צובויזערטע עלעמענטען. די נאַטור האָט פאַרטיידיגט איהר באָדען מיט די ציינער, און איעדער שפּאַן פון דעם האַרטען אַלפּען־לאַנד האָט געקאָסט טייכען בלוט און ריקעס מיט שוויים און טרעהרען. עס איז געווען אַ מלחמה פון מענשען אַנטקעגען דעם אַלטען שטאָק־קאָנסערוואַטיווען אַלפּען־גאָט, וועלכער האָט זיך געפיהלט באַדראָהט אין זיין קרישטאָלענעם אייז־פּאַלאַץ. ער האָט געקעמפט מיט אַ געטליכער גרויזאַמקייט. אָט האָט זיך געדאַכט, אַז מיר זיינען איהם בייגעקומען, אַז דער אַלטער מיזאַנטראָפּ, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געהאַלטען ווייט פון מענשען, איז אַנדרימעלט געוואָרען אונטער'ן פאַנטאָפעל פון עפּעס אַ וויענער טענצערין, וואָס איז געקומען אין די אַלפּען דערפרעהען די קריגערישע הערצער און זיי לייכטער מאַכען די קעשענעס, אָבער יעדעס מאָל האָבען מיר געמוזט ווידער איינזעהן

אונזער טעות. דאָ איז אַ לאַווינע געוואָרען ריהרעוודיג און זיך אַראָפּגעקייקעלט אין טהאָל, באַגראָבענדיג אונטער זיך טויזענטער מענשען. דאָרט ווידער איז אַ וועג, וואָס מען האָט מיט אַזוי פיעל מיה אויסגעדראָלבעט אין די האַרטע שטיינער, פאַרשיט געוואָרען און האָט אָפּגעשניטען גאַנצע באַטאַליאָנען פון דער וועלט; אָדער עס האָט זיך דער „אַלטער" צובייזערט און אַרויסגעלאָזען פון די געטליכע נאָזלעכער אַ מין פייערדיגע זאַווערוכע, וואָס האָט פאַרשיט אַלצדינג און געמאַכט חושך פון דער וועלט. עס איז געווען אַ מלחמה, אַן אומבאַרמהערציגע מלחמה, אָבער צום סוף האָבען מיר געזיעגט, באַזיעגט די נאַטור אַ דאַנק אַ מין באַשעפעניש וואָס יעדער האָט זי געקענט אויף דעם פראָנט, אַ דאַנק דער „דראָט-זייל-באַהן".

ב.

איבער בערג און איבער טהאָל, טויזענטער מעטער אין דער הויך, האָט זי זיך געצויגען, די דראָט-זייל-באַהן, פיעלע מיילען די ווייט, און טאָג-טעגליך האָט זי געטאָן איהר ארבייט. דאָס איז געווען אַ קונסטפולע קאָנסטרוקציע: צוויי רייהען מיט שטריק געפלאָכטען פון דראָטען זיינען געווען אויסגעשפּרייט צווישען ווייטע סלופּעס, וואָס זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט און איינגעגראָבען אין די קאַרקעס פון די הויכע בערג-שפּיצען. דאָס זיינען געווען די סטרונעס פון דער אַרמיי, דאָס האַרץ פון דער אַרמיי. אויף זייער רוקען פלעגען זיך גליטשען הונדערטער, טויזענטער קעסטלאַך און ברעטער באַלאָדען מיט שפּייז צום לעבען און אַמוניציע צום טויטען. צום פראָנט פולע קאַסטענס און צוריק ליידיגע צום אָנפילען. אַזוי האָט עס זיך געצויגען גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט אָהן אַן אויפהער. „אַזוי לאַנג עס דרעהט זיך דאָס מיהלכעל, אַזוי לאַנג וועט זיין זאַט דאָס מוילכעל", פלעגען זיך צוזינגען די סאָלדאַטען. אויך די איטאַ-ליענער האָבען פאַרשטאַנען, אַז דאָ קלאַפּט דער דופק פון דעם

פּראָנט, און פלעגען וואַרפען הונדערטער באָמבעס פון עראָפּלאַנען, כדי צו צושטערען די וויכטיגע ארטעריע פון לופט־פאַרקעהר. אָבער געוועהנליך פלעגט מען גלייך יעדען ריס אין דער באַהן פאַרריכטען און אַלע פּאָר מיילען זיינען געווען ספּעציעלע וואָקזאַלען, וואו מען פלעגט אויפלאָדען און אויסלאָדען און אויך פאַרריכטען יעדע באַשעדיגונג. איך בין געווען אַ גרויסער באַוואונדערער פון דער דראָט־באַהן און פלעג פאַרברייגגען גאַנצע שעה'ן אויף'ן וואָקזאַל און צוקוקען זיך צום פאַרקעהר, וואָס האָט געטומעלט און געוואָשט ווי אַ מיהל. אָבער אַז איך וועל אויך נעהמען אַן אקטיווען אנטייל און זיך גליטשען אויף די קאָפּברעכערישע דראָטען, האָב איך מיך קיינמאָל ניט געריכט. און נאָך היינט, אַז איך דערמאָן זיך די שווידערליכע רייזע אויף די גליטשיגע דראָטען, פיהל איך ווי געגזענע פיסלאך הויבען אָן טאַנצען אויף מיין הויט.

ג.

עס איז געווען אין יוני, 1918, ווען פון דער לעצטער אָפענסיווע, וואָס עסטרייך האָט צוגעגרייט מיט אַלע איהרע כחות, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, און דאָס פאַרפוילטע עסטרייכישע סיסטעם האָט זיך אָנגעהויבען צו ברעכען און צו צעפאַלען. איך בין דאַמאָלסט געלעגען אין דעם „סאַניטעט־אנשטאַלט“ אַ שווער־קראַנקער. איך האָב געליטען גרויס פיבער און מיין באַוואוסטזיין האָט געצאַנקט ווי אַ פאַרראָסטער אויל־לעמפּעל, וואָס גיט קוים אַ שיין. לעבען מיר איז געשטאַנען דער שטאַבס־ארצט און מיך אָנגערעדט, איך זאָל אַנטלויפען. „די אָפענסיווע — האָב איך צונויפגעקליבען ברעקלאַך פון זיין דרשה — איז „קאַפּוט“ און מיר מוזען אַלע לויפען. קיין אויטאָמאָביל קען ער מיר איצט ניט פאַרשאַפען. אַלזאָ, בלייבט נאָר איין וועג: די דראָט־זייל־באַהן“.

— די דראָט־זייל־באַהן?

— יאָ, מיין ליעבער קאָלעגע, מיר פאַקען, דאָס שפּיטאָל מוז לויפען, אָדער וויינינגסטענס מוזען מיר זיין רייזע־פערטיג, און עס וועט דיר פּאַסירען, אַז די איטאַליענער וועלען דיך נעהמען געפאַנגען און...

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער גראָבער שטאַבס־ארצט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ רעספּעקטאַבלער ווייטקייט פון מיין בעט, פאַר מורא, טאָמער האָב איך פלעק־טיפוס, האָט רעכט. און זעהענדיג, אַז פאַרלירען האָב איך ניט וואָס, האָב איך גע־שאָקעלט „יאָ“.

אָט אַזוי האָב איך זיך געפונען אויף אַ ברעט אין וואָקזאַל באַרייט אָפּצופאָהרען. די פרישע לופט האָט מיך אַביסעל אויפגעוועקט און איך האָב אָנגעקוקט מיינע שכנים. אַ סאַניטעטס לייטענאַנט האָט מיר זיי פאָרגעשטעלט: הער אַזוי און אַזוי, אַ קראַנקער אָבער־לייטענאַנט רעכטס, און אַ גלח — דאָ האָט ער געמאַכט אַ רעדעלע אויפ'ן שטערען (משוגע) — צו מיין לינקער האַנט... און — מיר פאָהרען.

ד.

איך פאָהר אין דער לופטען. איך צעריים כמאַרעס, איך יאָג מיך דורך וואָלקענס, איך פאַרטרייב נעבלען. מען שיפט זיך אין דער לופטען. און נאָך אַלעמען איז דאָס גאָרניט אַזוי מורא'דיג. עס איז אַ גלאַטער וועג, אַ מחיה. עס טרייסעלט ניט, עס מאַכט ניט קיין שטויב, נאָר עס רוישט אַביסעל און מען באַגעגענט טאַקע ניט זעהר קיין גוטע פריינד, קומענדיג אַנטקעגען די שוואַרצע טויטענקעפּלאַך*), וואָס יאָגען זיך צום פראָנט; אָבער נאָך אַלעמען, אַ יעדער ווייסט, אַז אַ סאָלדאַט צו זיין איז ניט קיין לייכטע זאַך. אמת, דאָס ברעטעל איז פלאַטשיג, ווי אַ

*) די קעסטלאַך, וואָס האַבען געהאַט די געפעהרליכסטע גראַנאַטען, וואָס האָבען שוין ביי אַ לייכטען שטויס געקענט עקספּלאָדירען, האָבען געטראָגען טויטע קעפּלאַך אַלס „מאָמענטאָ־מאָרי“.

גענעראַלסקער שׂכל און מען קען זיך לייכט אַראָפּקוליען, אָבער אויב מען האַלט זיך צו מיט דער האַנט, איז דאָס נישׁ׳קשה פון אַ נסיעה.

רוק—רוק—קוים וואָס איך דערכאַפּ דעם גלייכגעוויכט. איך בין שיער ניט אַראָפּגעפאַלען. מען דאַרף אָפּנים קענען די הלכות דראָט-פאָהרען. איך בין בטבע אַ שלעכטער שטריק-טענצער. איך לערען אָבער באַלד, אַז די איינציגע געפאַהר זיינען די סלופּעס, וואָס האַלטען די שטריק. דאָרט מוז דער טשוואָק פון אונזער ברעטעל געבען אַ שפּרונג אין דער לופטען, כדי אויסצומיידען דעם סלופּ — אַ מין „סאַלטאָ מאַרטאַלע". אַ שפּרונג אין דער לופטען איז, אמת, אויך ניט קיין גרוים פאַרגעניגען, אָבער נאָך וואָס האָט גאָט געגעבען צוויי הענט? האַלט מען זיך מיטביידע הענט און מען צעהלט די סלופּעס; יעדע 5 מינוט אַ נייער סלופּ, אַ נייער שפּרונג, אַ נייער שרעק, אָבער וואָס קען מען טאָן? אודאי ווען ניט די גאָט-פאַרגעסענע סלופּעס וואָלט דאָס געווען אַ גאַנץ גוטע נסיעה, אַ מין קליינער יציאת מצרים.

און נאָך איינס האָב איך באַלד געלערנט פון דער נסיעה. ווער עס פאָהרט אויף אַזאַ דראָט-וועג איז בעסער אַז ער זאָל זיין אַביסעל בלינד, אָדער זיך מאַכען בלינד. מען טאָר ניט אַראָפּקוקען און ניט אַרויפקוקען, און אויך איך האַלט צו די אויגען, שלים זיי צו קראַמפּהאַפט. אַראָפּקוקען פון דריי טויזענט מעטער די הויך איז אַ מאָדנער געפיהל. ניין, בעסער ניט קוקען, בעסער ניט זעהן.

אָבער פּלוצים אַ שאָקעל, אַ וואָרף, און מיר שטעהען. מיר שטעהען ב״ה, און מיר ריהרען זיך ניט. אודאי דער וואָקזאַל! איך בין זיך מתודה, איך בין אַביסעלע ענטוישט. אויך מיר אַ רייזע! איך גנב׳ע אַ בליק. איך טהו אַ קוק.

— אָ, וואָס איז דאָס? ניט דער וואָקזאַל?

עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע אברים. מיר שטעהען אין מיטען וועג. געבליבען הענגען אויף אַ שטריק, וואָס איז אָנגע־

צויגען ווי א סטרונע און סקריפעט, גלייך ווי ער וואלט געהאלטען ביים צוריסען ווערען!

מיר הענגען אין דער לופטען צווישען צוויי בערג־שפיצען מיט ווייסע בערד, און אונטער אונז שפרייט זיך אויס א טייך, א טיפער טייך, קוים וואס מען זעהט איהם. בררר! עס איז קאלט, עס איז אייז־קאלט.

3,000 מעטער, אדער מעהר, אין דער הויך, איבער א טייך, און עס איז אזוי שטיל, גארניט ריהרט זיך, א קאלטע שטילקייט, א נאסע שטילקייט! נאר אמאל צוקראקעט זיך א קראה אדער צופלאטערט זיך אן אדלער...

## ה.

עס פארגעהען שעה'ן. עס דויערט אן אייביגקייט. וויפיל קען איצט זיין דער זייגער? א, עס מוז זיין שפעט. די זון פארשווינדט אונטער'ן בארג, אבער, גאט זיי דאנק, די פינסטער־קייט דויערט ניט לאנג. עס שווימט ארויס די לבנה פון אונטער אן אנדערען בארג און גיסט אויס אביסעל ליכט, א בלאס ליכט.

ווי לאנג וועט דאס דויערען?

מיינע געדאנקען פארלירען זיך. זיי ווערען זעלבסטשטענדיג און הויבען אן זיך ארומצויאגען. זיי ווערען גאר אינגאנצען אומאפהענגיג, גרויסע סאמאוואלצעס, און אויך גרויסע שקצים. זיי שטופען זיך, זיי שטארכען זיך, זיי הוליען, זיי טאנצען אויף מיין בייז־וואונדער.

א שעהנע וועטשערע! און ווי קאלט, אוי קאלט! עס שלאגט א צאהן אן א צאהן. איך טרייסעל מיך פאר קעלט און מיינע אברים שפרינגען אין דער לופטען גלייך ווי זיי וואלטען פארלארען זייער שווערקייט.

אויך די דעקעס האט מען ביי מיר צוגענומען, כדי ניט צו מאכען שווער די ליניע, און איצט ליג איך איינגעדעקט מיט

פּראָסט און וואַרף מיך ווי אַ פיש. ווער האָט זיך עפּעס געזאָלט ריכטען אויף אַזאַ אומגליק?

— עס איז קאַלט, — קרעכצט מיין שכן פון רעכטס.

אוי, ווי גוט! איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז איך האָב שכנים, אַז איך בין ניט אַליין.

— עס איז קאַלט! — ווידער אַ קרעכץ און אַ הוסט און אויף איינמאָל דערפיהל איך: עס גיסט זיך אויף מיין פּנים אַ וואַרימקייט, אַ מין גליטשיגע, נאַסע וואַרימקייט, וואָס קלעפּט זיך צום פּנים. איך וויש אָפּ דעם שווייס מיט'ן אַרבעל. ניין, עס איז ניט קיין שווייס, עס איז בלוט, בלוט! דער קראַנקער אָבער־לייטענאַנט הוסט מיט בלוט, גיסט אויס דאָס בלוט, גלייך עס וואָלט געווען וואַסער. אַ מאָדנער מענש, אַ קלוגער מענש... איינגענטליך, וואָס טויג דאָס בלוט, וואָס טויג דאָס לעבען?

איך דרעה מיך אום צום קראַנקען — ער קען ניט מעהר רעדען, נאָר זיינע איבערגעשראָקענע אויגען רעדען צו מיר. זיי דערציהלען מיר, אַז ער האַלט ביים שטאַרבען... אין אַ פּאָר מינוט ווערט שטיל; דאָס ברעטעל הערט אויף צו טאַנצען, דער קראַנקער האָט אויפגעהערט צו כאָרכלען — ער איז טויט.

ו.

עס ווערט גאַנץ שטיל, אַזוי שטיל, אַז די אויערען טהוען וועה פאַר שטילקייט, די נערווען ווערען געשוואָלען פאַר שטילקייט.

איך קען ניט ליידען די שטילקייט, איך האָב מורא פאַר דער שטילקייט. איך הויב אָן צו ריידען, צו ריידען צו זיך אַליין. מיינע געדאַנקען ריידען הויך. זיי שרייען איינער צום אַנדערען, גלייך ווי זיי וואָלטען געלעבט צווישען טויבע. איך פיהר אַ הייסען וכוח מיט זיך אַליין. מיינע מחשבות יאָגען זיך און פליהען פון איין טהעמאַ צו דער אַנדערער, ווי ביהנען פון איין בלום צו אַן אַנדערער.

אָט, קוקט אָן דעם גלח. אַ משוגעגער גלח, פאַרוואָס איז

ער משוגע? אפשר פון ליעבע? כאַ, כאַ, כאַ, אַ פאַרליבטער גלח! איך לאַך אַלץ העכער, איך פרעה מיך, וואָס איך הער לאַכען, וואָס איך הער טאַקע מיין אייגען געלעכטער.

— אמן, זאָג אמן! שרייט אימיצער.

עס ברענען מיר אַנטקעגען צוויי ווילדע אויגען פון שאַקאַלען. זיי בראָטען מיך, זיי ברענען, זיי באַפעהלען.

— שריי אמן — באַפעהלט דער גלח.

— אמן! אמן! ואמן! — שריי איך אַלץ העכער.

— אין גן עדן וועט געהן זיין נשמה —

— אין גן עדן, נשמה, — ברום איך מיט אַ הייזעריגען באַס.

— גן עדן, נשמה, — קומט עס צוריק פון די בערג גלייך ווי אַ גאַנץ רעגימענט זעלנער וואָלטען געגוואַלדעוועט: נ-ש-שמ-ה...

איך הויב ווידער אָן ציטערען. איך האָב מורא.

מורא?

אַ נאַרישקייט, אַ סאָלדאַט וואָס האָט מורא! קירא'ם סאָלדאַטען, מ'שטיינס געזאָגט!

ניין, עס איז קאַלט, און איך ציטער פאַר קעלט — הויב איך זיך אָן צו פאַרענטפערען פאַר מיר אַליין.

— אויף איינמאָל — אַ רוק, אַ ציטער!

דאָס ברעטעל הוידעט זיך ווי אַ שכור'ער גוי, און איך מוז זיך אָנהאַלטען מיט ביידע הענט, כדי איך זאָל ניט אַראָפּפאַלען. האַלט איך זיך צו און האַלט איין דעם אָטהעם, איך האָב מורא צו אָטעמען, און נאָך אַ ווייל — אַ ציטער און אַ פּליעסקע אין טייכעל, גלייך אימיצער וואָלט געוואָרפען אַ שטיין אין וואַסער. איך רייס אויף די אויגען, זיי קריכען מיר אַרויס, די אויגען, און איך זוך. איך זוך מיין שכן פון רעכטס. וואו איז ער? דער אָרט איז פאַרקיהלט געוואָרען — ניטאָ דער אָבער-לייטענאַנט; נאָר דאָס וואַסער איז אַזוי מאָדנע פאַרטראַכט און קאָרטשעט דעם שטערען ווי אַן אַלטע אידענע. און די גלאַנציגע אויגעלאַך

פינטלען אזוי מאָדנע, אזוי חכמה'דיג. עפּעס דערצעהלען זיי: אַט הער זיך צו:

— אהא, איך פארשטעה, א חתונה! א שמחה'לע ביי די דערטרונקענע און דער טויטער אָבער־לייטענאַנט איז דער מחותן. א קליי‌ניגקייט, א מחותן! אייגענטליך וואָלט איך געדאַרפט אויך געהן אויף דער שמחה... די איינלאדונג איז אזוי הערצליך, אזוי אמת'דיג. און אפשר טאקע וועל איך קריגען אביסעל משקה און כאפּען א מצוה־טענצעל מיט א יונגער שיקסעל, צאַ, צאַ, צאַ, — א ווארים שיקסעל...

ז.

פּאַוואָליע צורייסט זיך דער נעבעלדיגער שפּינוועבס פון מיינע פארווירטע געדאַנקען. איך באטראַכט דעם גלח, זיינע הענט זיינען באשמירט מיט בלוט, ווי ביי א קצב. עס שווידערט מיך. עס יאָגט מיר ארויס די נשמה. איך הויב אָן צו פארשטעהן: דער גלח האָט אראָפּגעוואָרפען דעם טויטען, איהם געשיקט אין גן־עדן אריין. שרעקליך! שרעקליך! און דאָ בין איך גאַנץ אליין, א ווילד־פרעמדער מיט א משוגענעם גלח; גאַנץ פאַר־לאָזען, הויך אין דער לופטען אויף א פלאַטשיג ברעטעל מיט א משוגענעם. נאָר די בערג וועלען זיין אָן עדות און נאָר די לבנה וועט זעהן וואָס ער וועט טאָן מיט מיר. אָבער די בערג זיינען קאַלט און גלייכגילטיג און די לבנה איז פאַלש, פאַלש, ווי חוה...

נאָר גאָט זיי דאַנק, ער קוקט ניט אויף מיר, ער זעהט מיך ניט... ער לאָזט מיך צורוה.

א נייע כוואַליע פון געדאַנקען...

מיין קינדהייט, מיין מאמע, מיין טאַטע! יאָ, ווען מיין מאַמעלע זאָל וויסען, וואו איך בין איצט. וואָס־זשע וועט זיין? צושרייט זיך דער שרץ אין מיר. דו ווערסט גאָר א פרומאַק אויף

דער עלטער ? — שפּאָט ער מיך אויס. עס, גוטער ברודער, טויט איז טויט, — גרילצט מיר אין די אויערען דער אפּיקורס.

אָט אזוי פיהר איך פּלפּול און בין צופרידען. איך בין בארוהיגט. איך באשעפטיג דעם מח און נאר אָפּ די צייט. כאַ, כאַ, אַ גוטער געדאנק. אָפּנארען די צייט. עס קיצעלט מיך צום לאכען. איך דערפיהל ווי עפּעס ריהרט זיך אין מיין בוזעם, עפּעס קריכט. איך רוק אריין פּאוואָלינקע די האנט אין בוזים און — איך כאַפּ זי. זי ראנגעלט זיך, זי אנטלויפט, אָבער איך כאַפּ זי פּאָרט — אַ מוראַשקע, אַ מוראַשקע !

איך פרעה מיך. איך קוועל אָן. ניט מעהר אליין מיט׳ן משוגענעם גלח. ניין, עס איז דאָ נאָך אַ לעבעדיגע באשעפעניש לעבען מיר. די מוראשקע האלט אין איין קיצלען. כאַ, כאַ, אָפּגענארט אַ מוראַשקע. זי האָט זיך צו מיר אריינגע׳גנב׳עט, ווען איך בין געווען אין טהאָל, זי האָט געוואָלט פון מיר אויסצאַפּען אַ טראָפּען בלוט און עס איז איהר ניט געלונגען. איצט טרייסעלט זי זיך פאר קעלט ; כאַ, כאַ, אָפּגענארט די מוראַשקע...

איך לאַך. איך מוז לאַכען...

איך הער דאָס הילכען פון מיין אייגען געלעכטער און די בערג ענטפערען מיט אַ גאנצען אָרקעסטער פון אלערליי כאַכאַ־כאַס.

ח.

— אמן, שריי אמן !

איך וויל שרייען אמן, יאָ, איך וואָלט גערן שרייען אַ גאנץ יאָהר : אמן, אמן, ואמן ! אָבער צוויי ווילדע אויגען פאר־שטיינערען מיינע ליפּען. זיי שניידען אָפּ די צונג מיט שטומפּיגע מעסערס. איך בין געלעהמט. איך קען מיך ניט ריהרען. איך קען ניט שרייען. איך בין פאר׳כשופ׳ט פון די צוויי שלאנגען־אויגען פון דעם משוגענעם גלח. איך קען ניט שרייען אמן. איך האָב מורא... איך האָב שרעקליך מורא...

איך רוף גאָט צו הילף... איך בעט איהם מחילה, אויב איך

האָב אַמאָל אין איהם ניט געגלויבט. איך זאָג צו צו לויבען איהם ווי אַן אָרימאַן לויבט אַ איד אַן עושר. אָבער ער הערט מיך ניט.

די משוגענע אויגען צופלאַקערען זיך מעהר און מעהר און פון זייער פייער שפּרינגט אַרויס אַ משוגענע אידעע. איך זעה זי, איך פיהל זי, איך טאַפּ זי אָן. זי ווערגט מיך, זי נעהמט ביי מיר צו דעם אָטהעם.

— דו ביזט אַ איד! דיין נשמה איז פאַרדאַמט צו פּרעגלען זיך אין גיהנום לדורי־דורות; דו ביזט אַ געמיינער איד. אָבער איך האָב דיך ליעב, איך וועל ראַטעווען דיין נשמה — האָט מיך דער גלח געטרייסט און געשטופּט צום ברעג פון'ם ברעטעל, כדי אָט, אָט מיך אויסצושפּייען, דעם אומריינעם איד.

— יוחנן, דער טויפער, — האָט דער גלח געסאָפּעט, — איז אויך געווען אַ איד, און ער איז געוואָרען אַ קריסט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָפּגע'טובל'ט אין ירדן — געה, איך טובל דיך. ווער אַ מענש, ווער אַ קריסט!

— דאָס הייסט שטאַרבען! שטאַרבען?

שטאַרבען? — — אַ געדאַנק איז מיר דורכגעפלויגען און אויף אַמאָל איז מיר געוואָרען ליכטיג, גלייך ווי די זון וואָלט פּלוצים אָנגעהויבען צו לויכטען.

שטאַרבען? ניין, אונמעגליך! זיך לאָזען הרג'ענען פון אַ משוגענעם? איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מוז קעמפען פאַר'ן נאַקעטען לעבען, און אַז דאָ קען נאָר די ברוטאַלע קראַפט ענטשיידען. אָט דער געדאַנק האָט מיך באַפרייט פון היפּנאָז און איך האָב מאָביליזירט אַלע מיינע כחות פאַר'ן ענטשיידונגס־קאַמף, אַ קאַמף אויף לעבען און טויט.

איך האָב באַנוצט אַלע כלי־זיין, וואָס די נאַטור האָט מיר געשענקט. איך האָב געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיט די פויסטען, געדראַפּעט מיט די נעגעל און געביסען מיט די ציין.

אָבער דער גלח איז אויך ניט געווען קיין שלימזל'ניק, און דערצו האָט ער געשעפּט פון אַ מין קראַפט־רעזערוואואַר, וואָס איז געווען אוממעגליך אויסצושעפּן — איהם האָט געהאָלפן דער שגעון. פונדעסטוועגן האָב איך מיך געהאַלטען! פאַר יעדען שפּאַן ברעטעל, וואָס איך האָב געוואונען, האָב איך באַצאָהלט מיט בלוט און מיט אַן אומגעהויערען פאַרברויך פון קראַפט. אָט בין איך שוין נאָהענט צו דער מיט פון דעם ברעטעל, אָט... אָבער ווי לאַנג קען איך נאָך קעמפען? איך פיהל, אַז עס געהען מיר אויס די כחות, אַז איך פאַל אין חלשות; און דער גלח ווייזט נאָך אַלץ ניט קיין צייכען פון מידקייט. זיין פּנים איז צוקראַצט, זיין נאָז צוביסען, זיינע אויערען־לעפּלעך הענגען אַראָפּ ווי אָפּגעריסענע לאַטעס, אָבער זיין קראַפט איז ניט שוואַכער געוואָרען. פאַרקעהרט, ער ווערט יעדעם מאָל שטאַרקער. איך פיהל, אַז ער האָט איצט באַקומען אַ נייעם פאַרבונדעטען. אַ שרעקליכער האַס האָט זיך אין איהם צופלאַקערט. ער וויל ניט מעהר ראַטעווען מיין נשמה, נאָר קוילען וויל ער מיין קערפּער... און אָט, נאָך אַ וואָרף, אַ צאַפּעל — און ער האָט מיך. זיינע אייזערנע פינגער נעהמען אַרום מיין האַלז, זיינע נעגעל גראָבען זיך אַריין אין מיין גאָרגעל, ווי די שפּאָרען פון אַ רייטער אין בויך פון אַ פערד, און פון אָט דעם איז אוממעגליך זיך צו באַפרייען. איך פּרואוו עס אויך ניט מעהר; צו וואָס נוצט עס? עס פעהלט מיר לופט, איך ראַנגעל זיך פאַר'ן אָטהעם; מיינע אויגען קריכען אַרויס פון די לעבער — ער דערשטיקט מיך — איך שטאַרב...

ער האָט מיך נאָכגעלאָזען. איך לעב נאָך. איך ליג ווי אַ טויטע מאַסע אָהן אַ סימן פון לעבען, אָהן דעם ווילען צו לעבען, אָבער אין מיין מח האַמערט ווי אין אַ קוזניע און די געדאַנקען זיינען אַזוי שאַרף ווי דער שאָטען אין מיטען העלען טאָג. איך דענק, אַז איך לעב. אָבער ריהרען קען איך זיך ניט, וויל איך ניט...

ט.

איך האָלט אויפגעריסען די אויגען, איך קען זיי ניט צושליסען. איך זעה דעם גלח. ער שטעלט זיך אויף אויפ'ן ברעטעל, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט פליהען אין הימעל אריין. עס איז אַ פּחד איהם אָנצוקוקען, און איך וואָלט געוואָלט שליסען מיינע אויגען און איהם ניט מעהר זעהן. אָבער מיינע אויגען־דעקלאַך זיינען צוגעקלעפּט צו די ברעמען. זיי קענען זיך ניט צומאַכען.

ער שרייט אין אַ הייזעריגער, אָפּגעריסענער שטים:

— קיין שריד ופליט זאָל פון איהם ניט בלייבען, ניט פון זיין גוף און ניט פון זיין ציגיינערשער נשמה!

איך הער אַ שטים פון אַ משוגענעם גזלן, אין וועלכען עס האָט זיך אויפגעפּענטעט די חיה רעה. אָבער איך ריהר מיך ניט. איך ליעג ווי אַ ליימענער גולם, איך בין אַ שטיין.

אָבער אויך אַ שטיין וואָלט עס צונומען.

עס ווערט ליכטיג. עס טאָגט שוין. מען זעהט שוין גאַנץ גוט, און איך ענטדעק, אַז איך האָב נאָך אַ שכן. אייגענטליך איז דאָס אַן אַלטער באַקאַנטער. איך האָב איהם געזעהן אַ פּאָר מאָל אין דעם בלאַסען ליכט פון דער לבנה. אָבער דאַמאָלסט האָט ער אַנדערש אויסגעזעהן. איך האָב איהם געזעהן ווי אין אַ חלום, און איך האָב איהם ניט געוואָלט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט. איך האָב מיט געוואָלד פאַרטריבען דעם געדאַנק פון איהם. איך האָב איהם פיינט געהאַט. ער האָט ניט געהאַט קיין מענשליכע צורה, און ער האָט אַזוי גרויליך געלאַכט. אַ דיאַק אָהן ציין און אָהן אַ שטערען, מיט אַ געלעכטער פון אַ גראָב־יונגישער חצופה. אָבער איצט קען איך איהם קוקען גלייך אין פּנים. איך מוז אויף איהם קוקען. פּאַרט אַ שכן. און אַ שכן קען מען זיך ניט אויסקלייבען. ער איז ווי אַ מזל, מען ווערט מיט איהם געבוירען. איבעריגענס, איז ער ניט אַזוי שרעקליך, ער האָט

א קעפעל און ער האָט אַ פּנים, און איך דערקען איהם שוין — א טויטען־קעפּעל אויף א קעסטעל מיט גראַנאַטען; אויך א נע־ונד'ניק, נעבאך, וואָס איז שטעקען געבליבען אויף דעם דראָט, וואָס פיהרט צו דער פראָנט.

זעהסטו נו, מיין באָבעס דאגה!

איך באַטראַכט א יעדע באַוועגונג פון'ם גלח. איך זעה ער איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם קעסטעל מיט'ן טויטען־קעפּעל. ער שטרעקט אויס די האַנט ווי צום שלום־עליכם און צעהלט די גראַנאַטען:

— איינס, צוויי, דריי! איינס פאַר'ן הארץ, איינס פאַר'ן געהירן און איינס פאַר דער נשמה.

איך ווייס וועמען ער מיינט. ער זוכט א זיווג פון מיינעטוועגען. ער וויל מיר שטעלען א שווארצע חופה. מהיכא תיתא! עס גיט זיך ניט קיין קנייטש מיין הארץ, עס וואונדערט זיך ניט מיין מח און מיין נשמה בלייבט טויט ווי געמאַכט פון קלאָטשע.

זעהסטו נו, מיין באָבעס דאגה!

דער גלח בויגט זיך איבער'ן קעסטעל, ער בויגט זיך אזוי ווייט, אז נאָר זיין קנאַפּעל פאַרבינדט איהם מיט'ן ברעטעל. אָבער דאָס ברעטעל וויל איהם ניט, עס האָט איהם פיינט. א טרייסעל, א ציטער — און דער גלח שפרינגט אין דער לופטען, טאַנצט אין דער לופטען, פליהט ווי א פויגעל און ווערט אַלץ קלענער: ווי א וואָראָנע, ווי א ווראבעל, א פעלדמויז, א זומער־פויגעלע... א פליג... א פליעסק — דער גלח ליגט אין וואסער און נאָך איהם קייקלען זיך די האַנד־גראַנאַטען...

— קול, קול, טראַך, טראַך, טראַך...

א פייער, א רויך, עס פאַלען שטיקער, עס שיטען זיך בערג, עס שפּאַלט זיך דער הימעל. דאָס ברעטעל ציטערט ווי אין קדחת, די שטיינער טאַנצען, די וועלט דרעהט זיך ווי משוגע — א מין קאַדריל פון מכשפות; הא, ווער האָט

אויסגעלאָשען דאָס ליכט? עס ווערט פינסטער, שטאָק־פינסטער.
איך הער ניט מעהר, איך זעה ניט מעהר.
זעהסטו נו, מייז באָבעס עסק!

י.

איך ליג אין ארמיי־שפּיטאָל נומער 11, אויף א ריין בעט, און לעבען מיר שטעהט מיין אָפיציער'ס־דיענער. ער צלמ'ט זיך, ער זאָגט דעם גוי'אישען „גאָט פון אברהם" און דאנקט אלע תרי"ג הייליגע פאר'ן נס!

— עס איז א נס!

— צו־אלדע־רוחות מיט דיינע ניסים! — שלאָג איך איהם איבער, — הער אויף זאָגען „קדיש", איך בין נאָך ניט גע־שטאָרבען! — זאָג מיר, ווי קום איך אהער? דער קאָפּ איז מיר שווער ווי א בליי, איך געדענק גאָרניט...

מיין געטרייער „ליולקע־דעקעל",*) וועלכער האָט פיער יאָהר מיט מיר מיטגעמאכט קאלטס און וואַרימס אויף דעם פראָנט, און האָט מיט מיר געטיילט פריידען און לײדען, האָט גע־כליפּעט; קוים וואָס איך האָב געקאָנט איהם בארוהיגען.

ענדליך האָט ער צוריק באַקומען דעם לשון. ער דערצעהלט:

— די שטריק פון דער דראָטען־באהן, וועלכע איז געווען צו שווער באלאָדען די לעצטע פּאָר טעג מיט קריעגס־מאטעריאל, האָבען זיך איבערגעריסען אויף א פּאָר ערטער, און עס האָט געדויערט א גאנצען מעת־לעת איידער מען האָט געקאָנט די דראָט־זייל־באהן פאַרריכטען. ער האָט גראָד דעמאָלסט עולה־רגל געווען צום ארמיי־שפּיטאָל, וואו ער האָט געהאָפט, אז אהין וועט מען מיך איבערפיהרען. אויפ'ן וועג האָט ער געהערט פון דער קאטאסטראָפע, איז ער געלאָפען צום נעקסטען וואָקזאל,

*) „פּיפּענדעקעל" איז געווען דער צונאָמען פון די אָפיציערסקע דיענערס, א טיפּ וואָס האָט אין זיך אזוי פיעל מענשליכען טראַגי־קאָמיזם, אז מען קאָן איהם ניט פאַרגעסען.

כדי מיך צו ערוואַרטען. דאָרט האָט מען איהם געזאָגט, אַז אויב עס האָט מיך ניט די קעלט פאַרפראָרען, האָט מיך זיכער די עקספּלאָזיע צוריסען, און ער זאָל באַצייטענס זיך זוכען אַן אַנדערן אדון. אָבער פאַלי האָט ניט אָפּגעטראָטען, און נאָך אַ מעת־לעת וואַרטען האָט ער מיך געזעהן אָנקומען אַ טויטען, אַ באַוואוסטלאָזען. ער האָט מיך גענומען אויף אַ טראָג־ברעט און מיך איבערגעפיהרט אין שפּיטאָל, וואו איך בין געלעגען אַ גאַנצען טאָג אַ באַוואוסטלאָזער. די דאָקטוירים האָבען מיך שוין אויפגעגעבען, זאָגט ער, אָבער ער איז געבליבען ביים בעט, און זייט צוויי שעה ליג איך מיט אָפענע אויגען, אָבער ערשט איצט האָב איך איהם דערקענט, דערצעהלט ער. — אַ נס, אַלץ הייסט אַ נס! ער איז זיכער, אַז דאָס האָט געטאָן זיין פּאַטראָן אין הימעל, דער הייליגער נעפּאָמוצען.

איך האָב געגלעט דעם טרייען דיענער און איהם געדאַנקט. איך האָב איהם תמיד ליעב געהאַט, מיין „ליולקע", פאַר זיין געטריישאַפט.

איך האָב דערפיהלט ווי עפּעס אַ געדאַנק הויבט אָן זיך אויס־צופּיקען פון די איי־שאַלעכץ פון פאַרגעסענהייט. איך האָב מיך אָנגעהויבען צו דערמאָנען וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט:

— די מוראַשקע!

— זאָג נאָר, פאַלי, האָסטו ניט געפונען די מוראַשקע?

— אַ מוראַשקע?

— אודאי אַ מוראַשקע און ניט אַ פּיפערנאָטער, — בין איך געוואָרען אין כעס.

— אַ מוראַשקע? — ער צלם'ט זיך און דאַווענט צום הייליגען נעפּאָמוצין, ער זאָל פון מיר אַרויסטרייבען דעם דיבוק.

איך הויב אָן אַליין צו זוכען. איך טהו אויס דאָס העמד און זוך, איך האַלט אין איין זוכען.

— ניטאָ די מוראַשקע! דאַוועון, פאַלי, איך זאָל געפינען די מוראַשקע.

אָבער איך האָב זי ניט געפונען. נאָר אַ צובראָכען לאַפּקעלע איז געבליבען פון דער מוראַשקע.

דער משוגענער גלח האָט צוקוועטשט די מוראַשקע...